

דאָס דאָזיקע בוך — אַן אָפּקלייב פון בילדער, רעפּאָרטאַזשן, רע־
פלעקסיעס — דאַרף ברענגען צום אויסדרוק די שטימונגען און איינ־
דרוקן פון אַ יידיש־רעדנדיקן עולה אין משך פון די פערצן יאָר פון
זיין לעבן אין לאַנד.

ווי דער מחבר האָט נישט געזוכט צו דעמפּפן זיין ענטוזיאַזם
וועגן דעם פּאָזיטיוון, אַזוי האָט ער אויך נישט געוואָלט פאַרהוילן
זיינע פאַרביטערונגען וועגן די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין דער מדינה.

די דאַטעס אונטער אַ סך מאמרים האָבן דעם צוועק צו באַ־
רעכטיקן די טעמע און פאַרשטענדלעך מאַכן די שטימונג פון דער
געגעבענער צייט. זיי דאַרפן אויך דינען ווי אַ באַראָמעטער, צו וויזן
דעם פיבער־גראַד פון אויפבוי, דעם וווקס פון שטעט און באַפעלקע־
רונג, די אומגעהויערע ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין
דער קורצער צייט, זינט דער באַשרייבונג ביז היינט.

די „מינוטן־בילדער“, צום סוף פון בוך גייען מיט קליינע אויס־
נאָמען אַרויס פון גדר פון די ישראל־מאַטיוון. זיי געהערן צו מיינע
פערזענלעכע „האָבים“.

**דער מחבר**

# יידישע מונדירן

גלייך ביים אַראָפּגיין פון שיף, ביים שטעלן דעם ערשטן טריט אויף דער יידישער ערד, איז דאָס ערשטע וואָס איז מיר געפאַלן אין די אויגן, געווען ער, דער יידישער פּאָליציאַנט, מיטן בלויען היטל און מיט דעם עלעגאַנטן געפּאַסטן מונדיר. דאָס שטרענגע דינסטלעכע פּנים און די זיכערע פּאַמעלעכע טריט, וואָס ער האָט געשטעלט, האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פּאָליציאַנט מבטן ומלידה...

אין דער ערשטער רגע, אַז איך האָב אים דערזען, האָט מיך באַ־הערשט אַן אינסטינקטיוו געפיל פון פּחד, דאָס יידיש־אַטאַוויסטישע פּחד־געפיל ביים דערזען אַ „קנעפּל״. דער עסטרייכישער זשאַנדאַר, דער רוסישער גאָרדאָוואָי, דער רומענישער סערזשאַנט — אַלע האָבן זיי ביי יידן אַרויס־גערופן דאָס זעלבע געפיל, ווען מען איז געקומען אין זייערע ד׳ אמות, קיין נפקא מינה ניט צי מען איז געווען „שולדיק״ צי „אומשולדיק״. נאָר ווען איז אַ ייד אין די אויגן פון אַ „קנעפּל״ געווען אינגאַנצן ריין פון זינד? דער פּאָליציי־מאַן האָט נאָר געדאַרפט וועלן, האָט ער תמיד אויף אַ יידן געפונען עפּעס אַן עבירה קעגן געזעץ. און געוואָלט האָט ער דאָך תמיד, צי צוליבן „פּדיון״ וואָס האָט אים דערוואַרט, צי סתם צוליב פאַרגעניגן, צוליב דעם באַליבטן גוישן ספּאָרט צו זען ווי אַ זשידעק צאַפּלט, ווערט גרין און געל פאַר פּחד.

און נישט נאָר אַ פּאָליצייסקע, נאָר יעדער מונדירטער מענטש האָט ביי יידן אַרויסגערופן אַן ענלעך געפיל. איך ווייס נישט צי יעדער, נאָר איך האָב תמיד פיינט געהאַט מונדירן בתכלית השנאה. דערזעענדיק אַ גוי מיט אַ מונדיר, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז עס וואַרגט מיך אין האַלדז, אַז עס פאַרפעלט מיר לופט אויף צו אָטעמען...

אַ זעלנערישער מונדיר הייסט קודם כל: „גלייכהייט”. נישט יענע סאָציאַלע און פּאָליטישע גלייכהייט, וואָס איז דער חלום פון יעדן פרייהייט־ליבנדיקן בירגער אין אַ רעאַקציאָנערער מדינה, נאָר אַ גלייכהייט וואָס דער־שטיקט און פּענטעט יעדע מענטשלעכע באַוועגונגס־פרייהייט, דאָס אינדי־ווידועלע וואָס אין מענטשן. זעלנערישע גלייכהייט מיינט: שטיין, גיין, ליגן, עסן און טרינקען, רעדן און שווייגן — אויף באַפעל, און נישט ווען און ווי אַזוי יעדער וויל. אַ זעלנערישער מונדיר הייסט — מבטל מאַכן אין גאַנצן זיין איך, ווערן אַ מעכאַניש רעדעלע אין אַ מאַשין, וואָס באַוועגט זיך אָן דיין ווילן.

דאָס אַלץ — פון אַלגעמיין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט. די יידישע שנאה צו גוישע מונדירן האָט אָבער נאָך אַן אַנדערע באַרעכטיקונג, וואָס שטייגט אַריבער די ערשטע כפל־כפליים: אין דער טיפעניש פון דער נשמה פון יעדן יידן וועלכער האָט געדינט אין גויאישן מיליטער האָבן זיך אָנגעהויפט שיכט נאָך שיכט — זכרונות פון דערנידערונגען, שפּאָט, שנאה, מצד די זעלנער־קאָלעגן און מצד די עלטסטע.

נו, און פון די פינצטערע נאַצי־יאָרן רעדט מען דאָך שוין נישט ווען ביים אָנבליק פון אַ דייטשן מונדיר איז אָפּגעשטאָרבן געוואָרן יעדער אבר!

דאָס בלינדע פּחד־געפיל, וואָס האָט מיך אויך איצט, ביים חיפהער פּאָרט באַהערשט, האָט געדויערט אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע. דאָס געפיל איז באַלד פאַרדרענגט געוואָרן דורכן קלאָרן באַוווּסטזיין וואָס האָט אויפ־געבליצט און טריומפירנדיק אין מיר אויסגעשריגן: אַ יידישער פּאָליציאַנט! דער מונדיר איז אַ יידישער און דער אָפּצייכן אויף זיינע אַקסלען — גרויסער גאָט! — צונויפגעשטעלט פון יידישע אותיות! דער אַלטער יידי־שער „שומר ישראל„ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „משטרת ישראל”.

גאָר גיך איז דער כישוף צערונען געוואָרן. דאָס וואָס האָט מיר אין די ערשטע טעג אויסגעזען ווי אַ חלום, האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָננעמען רעאַלע קאָנטורן, ווערן צאַפּלדיקע, טאָג־טעגלעכעווירקלעכקייט, זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט.

און דאָך — אַז איך זע נאָך היינט אַ יידישן פּאָליציאַנט, זע די מע־

טאַלענע אויפשריפט אויף די אַקסלען פון זיין מונדיר, גיט עפּעס אַ צאַפּל אין מיר. איך קוק לאַנג אויף דעם מונדיר מיט די יידישע אותיות, ווי אויף אַ דערשיינונג פון אַ וווּנדערלאַנד.

# גאַסן

נישט נאָר דורך מאָנומענטן פאַראייביקט אַ פאָלק דעם אָנדענק פון זיינע גרויסע זין, נאָר אויך אויף פאַרשיידענע אַנדערע אופנים, ווי: דורך שטעט, וועלדער, אינסטיטוציעס און אויך דורך גאַסן, וואָס טראָגן זייערע נעמען. גאַסן זענען על־פּי־רוב דענקמעלער פאַר נאַציאָנאַלע געשטאַלטן, וואָס האָבן אויפן געביט פון קונסט, וויסנשאַפט, פּאָליטיק צי אויפן שלאַכט־פעלד געבראַכט נוצן דעם לאַנד און דעם פאָלק.

שטאָטישע גאַסן, וואָס טראָגן מענטשלעכע נעמען, זענען אַ מין נאַ־ציאָנאַלע אַנטאָלאָגיע, וואָס יעדער בירגער (אַפילו דער „אַנאַלפאַבעט") איז געצוווּנגען זי צו „לייענען" כמעט יעדן טאָג, און אָפט אַפילו עטלעכע מאָל אין טאָג... זיי זענען אַ שטיק נאַציאָנאַלע קולטור־געשיכטע. און וועלכעס פאָלק האָט נישט זיין געשיכטע? און וועלכע געשיכטע איז נאָך אַזוי אַלט און אַזוי רייך ווי די יידישע?

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַטראָטן די ערד, וואָס איז ווידער געוואָרן אַ מדינת ישראל, פלעג איך שעהען־לאַנג אַרומשלאָנדערן איבער די גאַסן און קוקן אויף די גאַסן־שילדלעך. גאַרנישט געקענט זיך אָנזעטיקן מיט די נעמען, וואָס ביז איצט זענען זיי נאָר געווען אין ספרים און אין ביכער. אָט זענען זיי — האָב איך געטראַכט — די לייכטנדיקע שטערן פון אונדזער געשיכטע! שלמה המלך, יונה הנביא, הערצל, ביאַליק, רמב"ם, רש"י...

נישט צו ציילן זייער צאָל!

וואַנדערנדיק אַזוי איבער תל־אַביבער גאַסן, בין איך אַריין אין דער בן־יהודה־גאַס און גענומען שפּאַנען פון צפון קעגן מוגראַבי־צו. פּלוצעם האָב

איך אָפּגעשטעלט אַ פאַרבייגייער און אים געפרעגט, צי ער ווייסט נישט ווו ס'איז די שלום־עליכם־גאַס.

דער פרעמדער איז שטיין געבליבן און אַנווייזנדיק מיטן פינגער געזאָגט: די צווייטע גאַס פון דאַנען איז מענדעלע, און אַז איר גייט אַדורך מענדעלע, קומט איר צו שלום־עליכם... איך בין שטיין געבליבן ווי געפּלעפט. דער פאַרבייגייער איז געווען אַ ייד פון די מזרח־עדות, אַ ברוין־הויטיקער, און העברעיש האָט ער גערעדט מיט אַן אַראַבישן אַקצענט. פאַר אַזאַ ייד — האָב איך געטראַכט — וואָלט דאָך דאָס וואָרט „קאַסריל־עווקע" פּונקט אַזוי שווער געווען אַרויסצורעדן ווי למשל פאַר טוביהס פויערים דאָס וואָרט „וחלקלקות"... און אָט דער אַראַבישער ייד ווייסט מיר צו זאָגן, אַז נאָך מענדעלען קומט שלום־עליכם... איך בין זיכער, אַז מיט די דאָזיקע ווערטער איז יענער פאַרבייגייער גאַרנישט עפּעס אַנדערש אויסן געווען, ווי נאָר אָנצוצייכענען מיר דעם גענויעם וועג. אָבער דער פאַקט אַליין, וואָס אַ תימנער אָדער מאַראָקאַנער ייד האָט אַרויסגערעדט די דאָזיקע צוויי נעמען, איז פאַר מיר נישט ווייניקער וווּנדערלעך געווען ווי די יידישע נעמען אויף יידישע גאַסן.

וויפיל טויזנטער יידן פון פוילן, אונגאַרן, רומעניע — האָב איך געטראַכט — האָבן אַפילו נישט געוווּסט פון אַ נאָמען מענדעלע מוכר ספרים; וויפל טויזנטער פּויליש־רעדנדיקע יידן האָבן קיין מאָל אויף זייערע ליפּן נישט געבראַכט אַזעלכע נעמען ווי ברענער, אַחד־העם, פרוג. און דאָ גייט פאַרביי אַ ייד, פאַר וועלכן דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע יידנטום איז פּונקט אַזוי לעגענדע ווי פאַר אונדז די רויטע יידעלעך פון יענער זייט סמבטיון, — און ער ווייזט מיר דעם וועג צו מענדעלע און שלום־עליכם...

עמוס און עזרא הסופר, פרישמאַן און אסתר המלכה, טשערניכאָווסקי און דבורה הנביאה, מזא"ה און לוי יצחק מבאַרדיטשעוו...

פאַרווישט זענען גרענעצן פון אָרט און צייט. יאָרטויזנטער, יאָרהונדערטער, יאָרצענדליקער; מזרח, מערב, דרום, צפון — זיי גיסן זיך צונויף, ווערן איין רווישנדיקער, לעבעדיקער היינט. איין דאָ. נישטאָ קיין מיוחסים, קיין עלטער און יינגער, צוויי און דריי טויזנט יאָריקע „סאַב־רעס", טויזנט יאָריקע „וותיקים" גיסן זיך צונויף מיט נייע „עולים" אין

אײַן עקסטאַטישן קאַראַהאָד. „עולים" פון אַלע צײַטן און תקופות, פון אַלע לענדער און קאָנטינענטן — אַ קיבוץ גלויות פון אונדזערע צעזייטע און צעשפּרייטע אומשטערבלעכע גייסטער. זייערע ביז אַהער וואָגלענדיקע נשמות האָבן „אַן עליה באַקומען" דורך נײַ־געבוירענע יידישע ישובים, דערפער, שטעט, וועלדער, פּאַרקן און גאַסן.

יידישע נעמען אויף יידישע גאַסן — געבונדענע סנאָפּעס פון אונדזער רײַכן שניט! די סימפאָניע פון פיר טויזנט יאָר יידישקייט!

און וויל איז צו דעם, וואָס זײַן אויער איז מסוגל אויפצונעמען דעם דאָזיקן דורותדיקן יידישן געזאַנג!

1949

# דער נס פון לשון קודש

קיין שום פאָלק איז נישט אימשטאַנד געווען אין משך פון צוויי טויזנט יאָר אַזוי צו צעשטערן די אידיליע פונעם תנכ"ישן ארץ־ישראל, ווי דאָס האָט געטאָן אין די לעצטע צענדליקער יאָרן — דאָס יידישע פאָלק...

זיי, די אוראייניקלעך פון אַברהם האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דעם דאָזיקן לאַנד און ווי זיי האָבן נאָר געשטעלט אַ פוס, האָבן זיי אַ תל געמאַכט פון דער ראָמאַנטיק, איבערגעריסן די שטילקייט, אויפגעוועקט מיט זייערע ניכטערנע געפילדערס דאָס אַלטע כנען, וואָס איז געלעגן פאַרזונקען אין אַ טויזנט־יעריקן פויל־זיסן דרימל און געחלומט אַלטע חלומות, פון סעמיטישע פעלקער וואָס האָבן דאָ געוווינט, געבראַכט קרבנות זייערע געצן, געפירט מלחמות און געשטאָרבן. פון וואַנדערנדיקע עברים־שבטים, וואָס האָבן דאָ געזוכט גרינע פּאַשע פאַר זייערע טשערעדעס, געגראָבן ברונעמער און זיך דערגראָבן צו קוואַלן, וואָס האָבן געקלעקט פאַר זיי און פאַר אַ גאַנצער וועלט.

ווי אַ שטורעם האָבן זיי זיך אַהער אַרײַנגעריסן און אין אַ קורצן בליצקריג אַלץ דעראָבערט. טויזנט־יעריקע זומפּן האָבן געמוזט אויפ־

געבן זייער ממשלה, אויסגעהויכט זייער לעצטן מאַלאַריע־אָטעם, מיילן־ווייטע זאַמד־שטחים האָבן זיך געראַנגלט מיטן פאַרביטערטן שונא — בעטאָן, און זענען באַזיגט געוואָרן פון שטעט, דערפער, שאָסייען. שאַקאַלן זענען מיט האַרצרייסנדיקע יללות אנטלאָפן אין ווילדן שרעק, שלאַנגען בעדואינערינס, ווי פון חומש אַרויס, האָבן אויפגעציטערט פאַרן געהילך פון אויפגעריסענע פעלדזנבערג, פאַרן גערויש פון מאַשינען. די גראָב־בייכיקע, שמאָל־האַלדזיקע וואַסער־קרוגן אויף זייערע אַקסלען האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן...

אַלץ האָבן זיי געענדערט, איבערגעפורעמט, איבערגעמאַכט — פייכט־קייט, טרוקעניש — דעם גאַנצן קלימאַט. די גאַנצע נאַטור האָט געמוזט „איבערגעאַרבעט" ווערן, צוגעשניטן פריש לויט דער מאָס פון דעם מיט צוויי־יאָר־טויזנטער אויסגעוואַקסענעם פאָלק.

קיין שום פאָלק וואָלט נישט געהאַט דאָס האַרץ אַזוי צו פאַרשוועכן דאָס לשון קודש, די שפּראַך פון ספר הספרים, ווי דאָס האָט געטאָן דאָס עם־הספר אַליין... אָ, וויינט און קלאָגט איר ציונס טעכטער, אויפן אומגליק וואָס האָט געטראָפן אונדזער לשון־קודש! צעשטערט איז געוואָרן דאָס מקום־קדוש ווו זי האָט צוויי טויזנט יאָר אַזוי געשמאַק געשלאָפן, באַהיט און באַשיצט פון אירע ריטער, אַז קיין שיין זאָל חלילה נישט אַריינדרינגען, אַז קיין גערויש פון דרויסן זאָל זי חלילה נישט וועקן. צעריסן איז געוואָרן דאָס זיידענע פּרוכת וואָס האָט פאַרהילט איר הייליק פּנים. היינט איז די צנועה אַראָפּ פון גלייכן וועג, גיט זיך אָפּ מיט יעדן איינעם ר"ל, מיטן סוחר און מאַטראָז, מיטן סטודענט און פּויער, מיניסטער און דיפּלאָמאַט, פּאָעט און קעשענע־גנב — אָ ווי!

לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַזאַ זאַך: אַן אייראָפּעישער אָדער אַמעריקאַנער עטנאָלאָג וואָס האָט אָפּגעהאַלטן אַ ווינטער־שלאָף פון עטלעכע צענדליק יאָרן און זיך איצט אויפגעכאַפּט. דעם דאָזיקן מענטשן זאָל מען פאַרבינדן די אויגן, אויפזעצן אויף אַ שיף און אים ברענגען קיין ישראל. דאָ זאָל מען אים צופירן צו אַ געגנט ווו ס'זאָלן זיך נאָר געפינען סאַברעס, יינגע און אַלטע, וואָס שטאַמען אָפּ פון פאַרשידענע „ראַסן", מ'זאָל אָפּרוימען פון אָט דער געגנט אַלע שילדן און אויפשריפטן וואָס קענען אויסגעבן דאָס לאַנד,

דאַן זאָל מען דעם מענטשן אויפבינדן די אויגן און אים פרעגן, ווו ער געפינט זיך. מיר קענען די „פאַרשטעלונג" אונדזערע ווייטער שפּינען, אַז די רייזע מיט פאַרבונדענע אויגן איז אַ פּועל־יוצא פון אַ געוועט אויף אַ גרויסער געלט־סומע, אַזוי, אַז דער מענטש האָט דעם גרעסטן אינטערעס צו געווינען דעם געוועט.

קודם כל וועט דער מענטש זיכער פּרוּוון אַרויסגעפינען פון די פּנימער דאָס כאַראַקטעריסטישע פון זייער ראַסע.

אָבער אין דעם פאַרבן־מישמאַש פון האָר און הויט, אין דעם געמיש פון סלאַווישע, גערמאַנישע, קליינאַזיאַטישע, אַפריקאַנישע און סעמיטישע ראַסן־טיפּן וועט זיך אונדזער עטנאָלאָג פאַרפּלאָנטערן און נישט וויסן ווו איין און ווו אויס. וועט אים דאַן איינפאַלן: אפשר אַמעריקאַנער? אַמעריקע, דער שמעלצטאָפּ פון פאַרשידענע פעלקער? פאַראַן אַזוי פיל ענלעכקייטן: די איינפאַכע ספּאָרטלעכע עלעגאַנץ אין דער הלבשה; דאָס נאַטירלעכע און דאָך העכסט ציוויליזירטע באַנעמען; דער שטאָלצער, פרייער בליק, וואָס כאַ־ראַקטעריזירט אַזוי גרויסע קולטור־פעלקער און גרויסע, פרייע, אומ־אָפּהענגיקע מדינות...

אָבער באַלד וועט ער דעם געדאַנק אויפגעבן: ניין, דער אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו „שמעלצן", דער פּראָצעס איז שוין אַ פאַרענדיקטער. יענע פעלקער האָבן שוין לאַנג איין פּרצוף. אַפילו אויפן נעגער דערקענט מען דאָס ספּעציפיש־אַמעריקאַנישע, וואָס עס פעלט אָט די מענטשן. אָבער אויך דאָס דאָזיקע ראַסן־געמיש — וועט דער פעלקער־מומחה פעסטשטעלן — האָט שוין געוויסע געמיינזאַמע שטריכן, עפּעס אַזוינס, וואָס פורעמט אויס דעם באַגריף פאָלק, ראַסע. אָבער וואָס פאַראַ? וועט דער שפּראַכן־מומחה אָנשטרענגען זיין שאַרף אויער — אויפן לשון.

די פיל פּתחן און די גוטוראַלע קלאַנגען וועלן אים דערמאָנען אָן אַראַביש. אָבער ניין, וועט זיך דער „טרעפער" צוריקכאַפּן. די גוטוראַלע פּתחן זענען דאָ אַ סך ווייכער, קוים וואָס באַרירט, חוץ דעם קלינגט אַראַביש האַרט, כאָרכלענדיק, ווי מ׳וואָלט זיך כסדר מיט עפּעס וואַרגן... בעת די שפּראַך קלינגט ווייך, מעלאָדיש אָנגענעם פאַרן אויער. די מוזיק איז אָן אייגנאַרטיקע, אַ נייע. זי דערמאָנט לויט דער ווייכקייט און עלאַסטישקייט

פון וואָרט סיי אין פראַנצויזיש און סיי אין איטאַליעניש. און דאָך איז זי אַזוי אַנדערש פון זיי, אַזוי נישט אייראָפּעיִש און אַזוי נישט אַזיאַטיש...

ווער זשע האָט קאָמפּאָנירט די נייע מוזיק צום אַלטן „ליברעטאָ״? ווי אַזוי איז דאָס אין משך פון קוים עטלעכע יאָרצענדליק פון טויטע וואָקאַבלען געוואָרן אַ לעבעדיקע שפּראַך? מיר האָבן דאָך נאָר אָפּגעהיט די אַלטע הייליקע טעקסטן, אָבער נישט אירע „נאָטן״. פאַרבליבן איז דאָך בלויז דער אַבסטראַקטער געדאַנק, נביאישע וויזיע, אָבער ס'איז לאַנג שוין אויסגערונען דער זאַפט, שוין לאַנג פאַרקלונגען די מעלאָדיע פון יענער אַלטער פאָלקס־שפּראַך.

דאָס ווונדער פון מחיה־מתים זיין אַ צוויי־טויזנט יעריקע מומיע, אַריינגיסן אין אָפּגעשטאָרבענע קאַלטע אָדערן וואַרעם פריש בלוט און מאַכן, אַז דאָס טויטע האַרץ זאָל ווידער אָנהייבן קלאַפּן — איז נישט קיין קלענערער נס ווי דאָס אַנטשטיין פונעם בית שלישי.

1949

## כנרת שלי...

אונדזער!...

ווען האָבן מיר דאָס דאָזיקע וואָרט אַמאָל געקענט אַרויסזאָגן און פילן די פולע באַדייטונג, דעם גאַנצן טעם, די טיפסטע פרייד וואָס דאָס וואָרט דריקט אויס? ווען איז אַמאָל דאָס אונדזעריקע געווען אויף אַן אמת — אונדזער?

דאָס דאָזיקע וואָרט איז דאָך אין משך פון כמעט צוויי טויזנט יאָר געווען בלויז אַן אַבסטראַקטער באַגריף, אַן איינרעדעניש. געווען מער ווונטש ווי פאַקט, מער בענקשאַפט ווי רעאַליטעט.

ווו איז אַהינגעקומען דאָס אַלץ, וואָס איז געווען „אונדזער״? ווו זענען אונדזערע היימען? די וואַרשעס, ווילנעס, באַרדיטשעווס, לעמבערגס, טשערנאָוויצס? ווו זענען אַהינגעקומען אונדזערע ווייסלס, דניע־

פּערס, סאַנס, דניעסטערס? אונדזערע וועלדער, הייזער, סקלאַדן און געשעפטן? — דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן באַצייכנט מיטן וואָרט „אונדזער״?

אַ בלענדעניש איז עס געווען. אַ חלום. ווען מיר האָבן דערוואַכט, האָבן מיר ערשט דערזען דיווירקלעכקייט. דאַן האָבן מיר ווידער געכאַפּט אַ געשמאַקן שלאָף פון איין אָדער צוויי יאָרהונדערטן, און ווידער האָבן מיר אין חלום געזען „אייגענע״ בליענדיקע שטעט, גאַסן, הייזער און שלעסער...

און אַזוי כסדר. ביז צום לעצטן דערוואַכן. ביז צו דער סאַמע לעצטער בלוטיקסטער ווירקלעכקייט.

קליין איז אונדזער כנרת־ימעלע, אָבער דערפאַר אינגאַנצן אונדזער. מיר האָבן צו אים נישט קיין שותפים, ווי צום ים התיכון, ווי צום רויטן ים, ווי צום ים המלח, אָדער אַזאַ „ליבן״ שותף ווי צום ירדן... אונדזער ימעלע איז גאָטס און אונדזערס. און שיין איז עס, ווי קיין אַנדערער ים אין דער וועלט! טויזנט חנען ליגן אויף אים צעגאָסן. זיינע אייביק שמייכלענדיקע אויגן זענען טיף־בלוי ווי דער הימל, זיין זילבערדיקער קינדער־געפּלאַפּל אַנטציקט און דערפרייט הערצער, פאַריאָגט אַלע שוואַרצע כמאַרעס פון מרה־שחורהדיקע געמיטער.

שטייענדיק אַ פאַרטראַכטער ביי זיינע ברעגעס, האָב איך פּלוצעם דערזען — זי, ווי זי וואָלט פון די כוואַליעס אַרויסגעשווומען. איר בלייך פּנים האָט זיך אָנגעהויבן רויטלען, אירע האָר — צו פלאַטערן אין לייכטן ים־ווינטל. אירע אויגן האָבן געלויכטן מיט יענעם גלאַנץ, וואָס לייכטן נאָר אַרויס פון לויטערע נשמות. ווי אַ מאַמע, וואָס בייגט זיך איבערן וויגל פון איר געליבטן בן־יחידל, האָט זי זיך אַריבערגעבויגן איבער די ים־ברעגעס און אַריינקוקנדיק אין די טיף־בלויע אויגן פון איר ליבלינג, האָבן אירע ליפּן אָנגעהויבן ציטערן און שעפּטשען ווי אין אַ תפילה: „ואולי״... „און אפשר איז דאָס אַלץ נאָר אַ חלום געווען״. און ווי דאָס וואָלטן מיינע אייגענע ווערטער געווען, האָט עס אין מיר געזונגען:

הוי, כנרת שלי!

קיין טבריה בין איך געקומען ביי נאַכט און מיין ערשטן „אָפיציעלן״ באַזוך האָב איך געמאַכט דעם כנרת. ער איז נאָך נישט געשלאָפן. שטיל איז ער געלעגן אין זיין ים־בעטל, איבערגעדעקט מיט אַ זיידענער טונקעלער

דעק. ווייסע פישער־שיפלעך זענען געלעגן צעוואָרפן איבערן טונקעלן ים און זיך שטיל געוויגט. פון צייט צו צייט איז געקומען אַ פישער, האָט אונטערזוכט די נעץ און איז ווידער פאַרשוווּנדן.

פון יענער זייט ים־ברעג, פון מזרח, האָבן געלויכטן די ליכטער פון עין־גב, וואָס ליגט צופוסנס פון סירישע בערג.

פלוצעם ווערט דער הימל איבער אַ מזרחדיקן באַרג־שפּיץ מאַט באַלויכטן, ווי עמעץ וואָלט אויף יענער זייט באַרג אַ ליכט אָנגעצינדן. דער הימל ווערט אַלץ העלער און העלער, און פון יענער זייט סירישן באַרג קומט אַרויס די לבנה און שווימט אַרויף אויפן ישראל־הימל, שטיל און אומגעשטערט, נישט וואַרטנדיק אויף דער באַגלייטונג פון אונאָ־אָבסערוואַטאָרן...

אַ העלער לבנה־פּאַס ציטערט אויף די טונקעלע ים־כוואַליעס. פלו־צעם אַנשטייט אין וואַסער אַ גערויש, ווי ריזן־פיש וואָלטן זיך געפּלעשקעט מיט זייערע פלוספעדערן. איך דריי אויס דעם קאָפּ צום אָרט פון גערויש און ביים שיין פון דער לבנה זע איך: באָדנדיקע פרויען. זייערע אַנטבלויזטע קערפּערס לויכטן אין לבנה־שיין ווי מאַט זילבער. ווי קומען אין שפּעטע נאַכט־שעהען פרויען אין ים? און אפשר זענען דאָס גאָרנישט קיין פרויען? אפשר זענען דאָס ים־סירענעס, האַלב־מענטש, האַלב־פיש? אפשר וועט באַלד זייער פאַרכישופטער געזאַנג מיך אַראָפּציען צו זיי אין דער טיפעניש?

נאָר באַלד פאַרקלינגט פון נאָענטן רעסטאָראַנט, פון אַ ראַדיאָ, דאָס ליד: „ביי מיר ביסטו שיין", און דער כישוף צערינט. די „נימפן" ווערן מענטשן, ממשותדיקע פרויען, וואָס זענען נאָך דער טראָפּישער טאָג־היץ פון טבריה געקומען זיך אָפּקילן אין די נאַכטיקע ים־כוואַליעס.

מיין האָטעל־צימער ליגט אַקעגן כנרת. די נאַכט איז הייס און דושנע. שלאָפן קען איך נישט. שטיי איך ביים אָפענעם פענצטער און קוק אויפן כנרת. ער ליגט אַ שטילער, אַ באַשטראַלטער פון לבנה־ליכט און שמייכלט פון שלאָף...

שלאָף רויִק, מיין קליינער, אור־אייגענער ים כנרת. לענג־אויס דיינע ברעגעס פינקלען אָן אַ שיער ליכטער פון יונגע יידישע ישובים. זיי שטייען אויף דער וואַך און היטן דיך אָפּ פון אַלדאָס בייז...

# אויף די חורבות פון קיסריה

נישט קיין אָנגענעמע זכרונות רופט אַרויס ביים יידישן פאָלק דער נאָמען קיסריה. מיט אָט דער מאָדערנער שטאָט פון אַלטן מלכות יהודה איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן די תקופה פון דער העראָישער חשמונאים־דינאַסטיע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה. קיסריה איז געבוירן געוואָרן אויף די חורבות פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט, ווען די יידישע מלוכה איז שוין געלעגן אין גסיסה.

מיט קיסריה איז ענג פאַרבונדן דער נאָמען פון איר גרינדער — דער מעכטיקער יידיש־אדומער קעניג הורדוס, וועלכער האָט די שטאָט אויפגעבויט לכבוד דעם רוימישן אימפעראַטאָר צעזאַר אויגוסטוס. דאָס פאָלק האָט דעם דאָזיקן קעניג פיינט געהאַט, נישט אַזוי צוליב זיין האַלב־היידנישן אָפּשטאַם, ווי צוליב די היידנישע מנהגים און קולטן וואָס ער האָט איינגעפירט אין לאַנד, צוליבן טרעטן מיט די פיס די הייליקע יידישע געזעצן, און דער עיקר צוליב זיין אַכזריות. ער האָט אָן רחמנות אָפּגערוימט פון וועג אַלע וועלכע ער האָט נאָר פאַרדעכטיקט אין קעגנערשאַפט. ער האָט אויף אַ גרויזאַמען אופן געלאָזט טויטן די לעצטע פון די חשמונאים, יאָ, אַפילו זיין אייגן ווייב, די שיינע און שטאָלצע מרים החשמונאית, און אויך זיין אייגענעם זון האָט ער נישט פאַרשוינט.

הורדוס האָט אין קיסריה אויסגעבויט אַ פּאָרט, וועלכער איז געווען, ווי ער האָט זיך באַרימט, „דער גרעסטער פּאָרט אין דער וועלט". ער האָט גלאָריפיצירט די רוימישע אימפעריע, איינגעפירט גלאַדיאַטאָרן־שפּילן לויטן רוימישן מוסטער, אַ גרויס אַמפי־טעאַטער.

און אָט שטייען מיר אויף די חורבות פון דער אַלטער קיסריה. אין אַ האַלב־קרייז פון ים־איינשניט ליגן די רעשטן פון אַלטע מויערן, אַלטע בנינים און ריזיקע שטיין־בלאָקן — רעשטן פון דעם באַרימטן פאַרצייטיקן קיסריהער פּאָרט. דו שטייסט פאַר אַזאַ גיגאַנטישן שטיין־בלאָק אַ פאַרגאַפט, און די ערשטע פראַגע, וואָס קומט דיר אויפן זינען איז: ווי אַזוי האָט

מען דעמאָלט ביי די פּאַרצייטיקע פּרימיטיווע אַרבעט־מכשירים, געקענט אָהערברענגען פון ווייטע פעלדזן־בערג אַזוינע שטיין־ריזן? וויפל צענד־ליקער טויזנטער שקלאַפן־הענט האָט מען געדאַרפט מאָביליזירן צו אַזוינע אַרבעטן!

און אָט שטייען מיר פאַר דער חורבה פון אַלטן ביזאַנטישן בנין. מיר באַוווּנדערן די פיינע מאָזאַיִק־אַרבעטן פון דיל, די גריכישע אויפשריפטן, און בלייבן שטיין פול מיט התפעלות פאַר דער מאַיעסטעטישער סטאַטוע אין איבערנאַטירלעכער גרויס — אַ זיצנדיקע מענער־פיגור אָן אַ קאָפּ. מיר באַוווּנדערן די פאַרב וואָס האָט זיך אַזוי פריש דערהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג. מיר באַוווּנדערן די סקולפּטאָרישע שלימות פון דער פיגור. די געפאַלדעוועטע טאָגע ברענגט בולט אַרויס די קערפּער־פאָרמען, די קניען, אַקסלען און הענט. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, אַז דער קאָפּ פון אָט דער מאַיעסטעטישער פיגור האָט געדאַרפט זיין אַ רוימיש שיינער, מיט שטרענג ענערגישע ליפּן און מיט אַ ווייטן וועלט־באַהערשנדיקן בליק...

נאָכן חורבן ירושלים איז קיסריה געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון דער רוימישער פּראָווינץ יהודה. היינט איז דאָס אַלטע מעכטיקע רוים אונטערגעגאַנגען. די אַמאָליקע קיסריה איז היינט בלויז אַ פּלאַץ פאַר אַרכעאָלאָגישע פאָרשונגען, בעת ירושלים איז ווידער די הויפּט־שטאָט פון ישראל... ווי האָבן געזאָגט די אַלטע רוימער „קוואָ מוטאַציאָ רערום" (צייטן בייטן זיך...)

שטייענדיק אויף די חורבות פון דער אַלטער קיסריה; באַטראַכטנדיק די מעכטיקע פיגור מיט אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ, ווערט עפּעס גרינגער אויף דער נשמה. דו זעסט אין אָט דער פיגור אַ רמז, אַ פאַרזיכערונג, אַז יעדע מאַכט וואָס וויל אונדז אויך היינט עוקר מן השורש זיין, וועט האָבן דעם זעלבן סוף...

## אַ וועלדל איז געבוירן געוואָרן

מזל־טוב דיר, מאַמע ערד, צום געבוירן ווערן פון דיין נייעם וועלדל! גאָט זאָל העלפן, זאָלסט עס מגדל זיין צו אַ גרויסן, געדיכטן יידישן וואַלד, וואָס זאָל ווערן אַ ברכה פאַר קינדער און קינדס־קינדער און אַ שוץ קעגן אונדזערע שונאים...

לאַנג, זייער לאַנג איז דאָס לאַנד געווען אַ וויסטע עקרה, דורות־לאַנג איז איר טראַכט געווען פאַרשלאָסן פאַר יעדן נייעם וואַסער־קוואַל, יעדן פרישן ביימל און גרעזל. די אַמאָל אַזוי פרוכפּערדיקע ערד, דאָס ארץ זבת חלב ודבש; דאָס לאַנד וואָס „זיינע בערג און היגלען זענען געווען פול מיט פרוכטן און צעדערן־ביימער" — די דאָזיקע ערד האָט מיט דער צייט אָנגעווירן אירע לעבעדיקע פאַרבן. איר בליענדיק פּנים איז געוואָרן אַש־גרוי, אירע בלוט־און מילך־באַקן — געקנייטשט און פון איר קאָפּ זענען ביסלעכווייז אויסגעקראָכן אירע שיינע שמעקנדיקע וואַלדלאָקן.

און אַז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אומצוקערן אַהיים אירע פאַרטריבענע קינדער, איז געשען אַ נס, ווי אין יענעם וווּנדער־מעשהלע: ס'איז געקומען דער פּרינץ און מיט זיין וואַרעמען הויך האָט ער באַלעבט די טויטע באַקן פון זיין געליבטער פּרינצעסין און זי אויפגעוועקט פון איר לאַנגן פאַר־כּישופטן שלאָף...

* * *

די מיליטער־מוזיק הייבט אָן שפּילן. נישט קיין מיליטער־מאַרש, ניין. דאָס וואָלט אויך נישט געפּאַסט צו דעם שטילן אַרום, צו דער מילדקייט פון טאָג און דער גרינער שלווה וואָס הערשט אין דעם „הרצל־וואַלד". די מוזיק שפּילט אַ שטילע האַרציקע מעלאָדיע, אַן ארץ־ישׂראלדיקן מאָטיוו, האַלב אָריענטאַליש, האַלב מזרח־אייראָפּעיִש יידיש. דער זיווג איז עולה יפה. דער אָריענט גלגולט אין אונדזערע נגונים ווי אַ ווייטע דערמאָנונג...

דער פּאָרזיצער דערעפנט. ער זאָגט: מיטן פלאַנצן דעם ערשטן

הרצל־וואַלד, מיט 45 יאָר צוריק, איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער אָנהייב פון באַוואַלדן דאָס לאַנד. די ערד איז דעמאָלט געווען וויסט און נאַקעט. בלויז גרויע פעלדזיקע היגלען און נאַקעטע פלאַכן, אָן אַ גרעזל און ביימל. מיט הונדערט־טויזנט ביימער האָבן מיר אָנגעהויבן, היינט פאַרמאָגן מיר 25 מיליאָן ביימער אויף אַ שטח פון 140 טויזנט דונאַם, אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד.

נאָך אַלע רעדעס האָט דער פּאָרזיצער מכבד געווען שפּרינצאַקן ז״ל און זיין פרוי חנה מיטן פלאַנצן דאָס ערשטע ביימל, דאַן זענען געקומען די זקנים, דאַן האָבן „עולה״ געווען עסקנים און סתם „שיינע״ יידן. דער אמתער יום־טוב האָט זיך אָבער ערשט אָנגעהויבן, ווען דער פאָרזיצער האָט נאָכן פאַרטיילן פון אַלע כבודים, אויסגערופן צום עולם: ווער ס׳האָט נאָר אַ מאָל געגעבן אַ שפענדע פאַרן קק״ל, האָט איצט דאָס רעכט מיט־צופלאַנצן...

דער גאַנצער עולם האָט זיך, הערנדיק די דאָזיקע ווערטער, אַ הייב געטאָן פון די פלעצער און זיך ראַפּטום אַ לאָז געטאָן צום פלאַנצונג־שטח.

אין גלייכע רייען, ווי בייטן, זענען געווען אויסגעגראָבענע גריבלעך, און פאַר יעדן גריבל איז געלעגן, ווי אַ ניי געבוירן קינד, אַ קליין פלאַנצעלע, דאָס שטענגעלע — אַ דין שטרויעלע, די צווייגלעך — ווי דינע נאָדעלעך, געלעגן איז עס איינגעוויקלט אין פּאַפּיר ווי אין ווינדעלעך.

דאָס פעלד איז געווען באַזייעט מיט פאַרביקע בלומען — מיט קינדער, די קינדער פון בן־שמן. יעדעס קינד איז געשטאַנען איינגעבויגן איבער זיין גריבל און געפלאַנצט אַ ביימל. און דאָס זעלבע האָבן געטאָן די געסט — הונדערטער מענער און פרויען, יונגע און זקנים.

איך האָב מיך איבערגעבויגן איבער מיין גריבל ווי אַ כהן איבער אַ מזבח, גענומען אין האַנט אַריין דאָס קליינע ציטערנדיקע ביימעלע, עס אויסגעשיילט פון זיינע „ווינדלען״, ערנסט און מיט דער גרעסטער פאָר־זיכטיקייט, איך זאָל אים חלילה נישט ווייטאָן... די פעדים־וואָרצעלעך פון דעם קליינעם „עופהלע״ האָבן געשטעקט אין אַ גרודעלע ערד. איך האָב דאָס ביימעלע אַריינגעלייגט אין זיין קליין בעטעלע, עס איינגעהילט מיט שוואַרצע ערד־אויפשיטן. די ערד האָט דאָס יונגע ביימל אויפגענומען

אין איר שויס, ווי אַ מאַמע, ווען זי גיט דעם קינד צום ערשטן מאָל די ברוסט... די מוזיק האָט אָנגעהויבן שפּילן די „התקוה". דער קניענדיקער עולם האָט זיך אויסגעגלייכט. אַ שטיל ווינטל איז פון ערגעץ אָנגעפלויגן און זיך געשפּילט מיט די גרינע לעקעלעך פונעם נײַ געבוירן וועלדל.

*1955*

## די לעצטע תנ"כישע פאַמיליע

אַז איר ווילט זיך באַקענען מיט ארץ־ישראל, דאַן פאָרט אַ ביסל אַרויס פון תל־אביב. דאָ, אין תל־אביב, בלייבט איר אייביק אין חוץ־לארץ...

און אַז איר מאַכט אַן אויספלוג צום תנ"ך (אָדער אַפילו צו דער תקופה פון דער *משנה*), דאַרפט איר טראַכטן, אַז אייער אויטאָ זאָל קיין ראַדיאָ נישט האָבן. ראַדיאָ איז סם־המוות פאַר תנ"ך־ראָמאַנטיק... איר זאָלט אויך אין טאָג פונעם אויספלוג קיין צייטונג נישט לייענען. דאָס וועט אייך אַ סך העלפן איבערצוריַסן יעדן קאָנטאַקט מיטן הײַנט.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט תמיד העלפט עס. ס'קען טרעפן, אַז פאָרנדיק צו אַזאַ „פאַרצײַטנס", ווען אייך דאַכט זיך, אַז הינטער אייך זענען שוין פאַרווישט אַלע שפּורן פון אונדזער געבענטשטן הײַנט (און פון אונדזער נאָך מער געבענטשטער „וועלט פון מאָרגן"); ווען איר זענט שוין אין גאַנצן אײַנגעשלאָסן פון בראשיתדיקע פעלדזן און תנכ"ישע הײלן — זאָל פאַר אײַך פלוצעם אויסוואַקסן אַ ריזיקע שילד צוגעקלאַפּט צו אַ בוים־שטאַם מיט קידוש־לבנהדיקע אותיות: „רויכערט אל־על־פּאַפּיראָסן". אָדער: „מפעל הפיס — 30.000"... אַזוינע באַגעגענישן זענען עלול אײַך אַראָפּ־צושליידערן פון אַלע תנ"כישע יאָר־טויזנטער גלײַך אַראָפּ ביז צו דער תקופה פון קינסטלעכע לבנות און וועלט־שלום־ראַקעטן...

צום גליק איז אונדזער אויטאָ אָפּגעהיט געוואָרן פון אַזעלכע באַ־באַגעגענישן. פאָרנדיק איבער זײַטיקע אָפּגעלעגענע שאָסייען, ווײַט פון אַ מענטשלעכן ישוב, איז די שטימונג פאַר פּקיעין געווען אַ צוגעגרייטע און מיר האָבן מיט שטילע ערפורכטיקע טריט באַטראָטן די ערד פון דעם דאָרף

ווו נאָך מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק האָט געלעבט אַ גרויסע יידישע קהילה פון עכטע ארץ־ישראל יידן, פון יידן, וואָס האָבן זייער אור־היים ארץ־ישראל קיין מאָל נישט פאַרלאָזט, נישט געוווסט פון קיין גלות.

איז טאַקע דער הויפּט־צוועק פון מיין אויספלוג געווען, צו זען אין פּקיעין דעם לעצטן פון יענע אויטאָכטאָנע יידן. איך האָב געפיבערט צו זען אַ ייד, וואָס איז נישט קיין רוסישער, פּוילישער, מצרישער, שפּאַנישער אָדער רומענישער ייד, וואָס רופט זיך אַפילו אַליין נישט ארץ־ישראלדיקער ייד, פּונקט ווי דער טערק רופט זיך נישט טערקישער טערק, און דער רוס — נישט רוסישער רוס...

איך האָב מיך געוואָלט איינגראָבן אין די שטריכן פון זיין פּנים און זוכן די קרובהשאַפט, צווישן אים, דעם צוויי טויזנט־יעריקן גלילער ייד, און מיר, דעם צוויי טויזנט יעריקן אייראָפּעיִשן גלות־ייד...

דאָס היינטיקע פּקיעין (אַראַביש: על בוקעיא), באַשטייט פון קריסטלעכע און מוסלמענישע אַראַבער און דרוזן. עס ליגט מערבדיק פון צפת, אין אַן ענגן טאָל, צווישן שפּוע פעלדזן־בערג, צוליב דער ענגשאַפט אין טאָל זענען אַ סך הייזער געבויט אויף די בערג־שפּועות, צווישן די ריזיקע פעלדזן־שלוכטן, פעלדזן־פּאַלדן. אונטן אין מיטן דאָרף פליסט אַ לעבעדיק, קרישטאָל־קלאָר טייכל, וואָס קוועלט פון די בערג — דער לעבנס־עלעקסיר פון דאָרף, פאַר מענטש, רינד און פלאַנץ. דאָס זעלבע טייכל איז דאָ געפלאָסן אויך מיט צוויי און דריי טויזנט יאָר צוריק. און פּונקט ווי דעמאָלט טרייבן אויך איצט צונויף נאָך יעדן זון־פאַרגאַנג די פּאַסטוכער און פּאַסטושקעס זייער שאָף און רינדער, כדי אָנצוטרינקען זיי אין די לאַנגע וואַסער ־קאָריטעס ביים טייכל. זיי קומען פון די פּאַשע־פעלדער רייטנדיק אויף קעמלען און אייזלען און אויך צו פוס. אָט קומט אָן אַ יונגע, שוואַרץ־חנעוודיקע פּאַסטושקע מיט אירע שאָף. זיי וואַרפן זיך גיריק צו די וואַסער־קאָרעטעס, און פון אַ צווייטער ריכטונג קומט צו רייטן אויף אַ קעמל מיט פּאַמעלעכע טריט אַן אַלטער מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, אַ ווייסן כאַלאַט און אַ ווייסן טורבאַן אויפן קאָפּ... ער דערנענטערט זיך צו דעם אָרט פון דער יונגער שלאַנקער פּאַסטושקע... צי איז דאָס נישט דער גלגול פון אליעזר און יענע פּאַסטושקע — פון רבקהן?...

אַזאַ אידילישער פרידן הערשט אין פּקיעין. און אַזוי זיכער פילט מען זיך דורך דער אַרומרינגלונג פון אַזוינע הויכע נאַטור־פעסטונגען — די פעלדזן. איז נישט קיין חידוש, וואָס די יידן האָבן זיך ממש מיט די נעגל איינגעביסן אין דער דאָזיקער ערד, אויסגעהאַלטן אַלע שטורעמס פון דער צייט, אַלע פרעמדע אָקופּאַנטן, רדיפות, מלחמות, קרייץ־צוגן — און זי נישט פאַרלאָזט.

דער נאָמען פּקיעין ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין אָנהייב פון 16־טן יאָרהונדערט, פון אַן אומבאַקאַנטן רייזנדן ווי אַ גרויסע און פרידלעכע קהילה. די איינוווינער האָבן זיך פאַרנומען מיט פּי־צוכט, גריג־וואַרג און אַליוון־צוכט. אין שפּראַך און הלבשה האָבן זיך די פּקיעינער יידן מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון זייערע אַראַבישע שכנים. זיי האָבן אָבער שטרענג אָפּגעהיטן אַלע יידישע דינים. זענען געבליבן יידן.

ביים אָנהייב פון צווייטן וועלט־קריג האָט פּקיעין נאָך געציילט הונ־דערט יידישע נפשות. ביי דער אַנטשטייונג פון דער מדינה — אַ צוויי־צענדליק נפשות. היינט איז אין פּקיעין געבליבן בלויז איין איינציקע יידישע משפּחה. — יוסף זאנאטי מיט זיין ווייב און זון. (זיין אַלטער טאַטע לעבט אין חיפה). יוסף, דער לעצטער ייד פון פּקיעין, איז דער שמש פון דער (פאַרשטייט זיך איצט אייביק פאַרמאַכטער) שול.

יוסף וווינט טאַקע נישט ווייט פון דער שול. ער קומט צו אונדז אַרויס, באַגריסט אונדז מיט אַ וואַרעמען שלום און עפנט פאַר אונדז די שול.

די שול איז געבויט אויף די חורבות פון אַ פאַרצייטיקער שול, וואָס איז זיכער געווען אַ מיטצייטלערין פון דער שול אין ברעם, וועמענס חור־בות מ׳זעט היינט, און פון אַ סך אַנדערע שול־חורבות אין גליל, ד. ה. פון 3־טן יאָרהונדערט נאָך דער עראַ. דערויף זאָגן עדות דער אַרכיטעקטאָנישער סטיל און די אָרנאַמענטיק.

נאָר נישט ווייניקער אינטערעסאַנט פון דער שול איז — יוסף אַליין. איז ער דאָך אַן אַרכעאָלאָגישער קוריאָז, דערמיט, וואָס אָט דער אַרכעאָ־לאָגישער „קעגנשטאַנד" קען וועגן זיך אַליין רעדן...

ער גייט אָנגעטאָן ווי אַלע יונגערע מאָדערניזירטע אַראַבער. זיין טיפּיש־אַראַבישע פיזיאָנאָמיע איז ביי אונדזער קיבוץ־גלויות פון די אַראַ־

בישע לענדער אויך נישט קיין נייעס. און אויך זיין עברית, קלינגט נישט אַנדערש ווי דער עברית פון אַ סך געלערנטע אַראַבער.

יוסף עפנט דעם אָרון קודש, ווייזט אונדז די ספר־תורה. דאַן ווייזט ער אונדז אַן איינציקע יריעה פון אַ ספר תורה. די יריעה איז שוואַרץ פון אַלטקייט. אין אייניקע שטעלן איז דאָס פאַרמעט איינגעריסן. פון דעסטוועגן קען מען נאָך גאַנץ גוט לייענען די שריפט. יוסף זאָגט אונדז, אַז די יריעה איז אַלט 900 יאָר. מיר באַטראַכטן די אין די ווענט איינגעמויערטע שטיין־בלאָקן מיט די פאַרשידענע אָרנאַמענטאַלע פיגורן: ווי אָליוון־צווייגן, הענג־לעך טרויבן און אַנדערע פאַרצירונגען. די דאָזיקע שטיין־בלאָקן — פאַר־זיכערט אונדז יוסף — שטאַמען נאָך פון בית המקדש. נאָכן חורבן ירושלים, דערציילט ער, האָבן יידן אַהערגעבראַכט די דאָזיקע שטיינער און אויפגעבויט אויף דעם פּלאַץ אַ שול.

איך באַטראַכט די אַלטע שול, וואָס שטייט אַן איינזאַמע, אַ פאַרלאָזטע, צווישן די קריסטלעכע, מוסולמענישע און דרוזישע הייזער און הייליקטימער; כ׳באַטראַכט יוספן דעם לעצטן און טראַכט: קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר האָבן זיי געוואַרט, די פקיעינער יידן. און ווען זיי וואָלטן נאָך אַ קליין ביסל צוגעוואַרט, וואָלטן זיי זיך דערוואַרט...

סאַראַ שאָד!

1957

# אונדזערע מינדערהייטן

מיר פאָרן באַזוכן אַראַבישע דערפער אין מערבדיקן גליל — אונדזע־רע מינדערהייטן. אונדזערע מינדערהייטן... איך שפּיל מיך מיט די דאָזיקע צוויי ווערטער ווי מיט אַ זעלטענער פּרי, וואָס קומט פון ווייטע עקזאָטישע לענדער, איידער מען בייסט זי איין, דרייט מען זי אַרום פון אַלע זייטן, מען שמעקט צו איר...

„אונדזערע מינדערהייטן געניסן פון די זעלבע רעכט, גלייך מיט אַלע ישראל־בירגער".

אונדזערע מינדערהייטן! — — —

מיט עטלעכע יאָרצענדליק צוריק וואָלט דאָס געווען אַ געלונגענער ערשטער אַפּריל־וויץ.

אין די ערשטע טעג, אין די האַניק־וואָכן פון דער גרויסער היסטאָ־רישער געשעעניש, האָב איך אָפט געהאַט דאָס געפיל אַז דאָס שפּילן זיך קינדער אין גרויסע: טאַטע־מאַמע זענען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיך די קינדער פאַרשטעלט אין זייערע בגדים, מאַכן־נאָך דאָס לשון און די העוויות פון די גרויסע... יעדע רגע — האָב איך געהאַט דאָס געפיל — קענען זיך די טאַטע־מאַמע אומקערן אַהיים, אָנשרייען אויפן קליינוואַרג און זיי שיקן אין זייער קינדער־צימער...

אַז איך האָב אין יענע טעג געזען אַ יידישן פּאָליציאַנט מיט דער דינסטלעכער מינע אויף זיין פּנים; אַן אָפיציר פון דער יידישער אַרמיי; אַ קאַפּיטאַן פון יידישן ים־פלאָט; אַ פּילאָט פון דער יידישער אַוויאַציע; געזען מאַרשירנדיקע זעלנער, דאָס יידישע פּאַרלאַמענט און די יידישע מי־ניסטאָרן — האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז דאָ קומט פאָר אַ גרויסער קאַר־נאַוואַל. אַ געלונגענער פּורים־שפּיל אַזאַ מיט אָריגינעלע מאַסקן, ווו יעדער מיטבאַטייליקטער שפּילט אויסגעצייכנט זיין ראָל...

אַז איך האָב איין מאָל, ביי אַ מיליטערישן פּאַראַד, געהערט די קאָ־מאַנדאָ פון דעם יידישן קאָמאַנדיר און געזען ווי די קאָמפּאַניע זעלנער

שטעלט זיך אַוועק מיט די אויפגעהויבענע ביקסן אין אַ פּייערלעכער „דום"־שטעלונג ביים דערשיינען פונעם יידישן מיניסטער — האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז דער וואָס „שפּילט" די ראָלע פונעם מיניסטער און יענער — פונעם קאַפּיטאַן, דאַרפן זיך נאָר באַגעגענען מיט די בליקן, און זיי וועלן ביידע אויסשיסן אין אַ געלעכטער...

נאָר וואָס לענגער דער „קאַרנאַוואַל" האָט געדויערט, אַלץ מער האָב איך מיך איבערצייגט, אַז דער „שפּיל" איז גאָרנישט קיין שפּילעכל, אַז מיט דעם פּאָליציאַנט מיט די לשון קודשדיקע אותיות אויף זיין מונדיר טאָר מען זיך נישט שפּילן, נישט אָפּטאָן אַזוינס וואָס מ'טאָר נישט, ווייל ער קען דיך, פּונקט אַזוי ווי דער ענגלישער, פראַנצויזישער אָדער טערקישער פּאָליציאַנט אַריינזעצן אין חד גדיא; און אַז אַ יידישע תּפיסה האָט אויך אייזערנע קראַטעס ווי אַ גוייִשע תּפיסה. כ'האָב מיך איבערצייגט, אַז אַ שאַרפער יידישער פּסק־דין איז פּונקט אַזוי שאַרף ווי אַ גוייִשער, כאָטש ער ווערט אַרויסגעטראָגן אויף דעם לשון פון ישעיהו הנביא... און איך האָב מיך אויך איבערצייגט אַז „אונדזערע מינדערהייטן" זענען נישט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, נישט קיין אַפּריל־וויץ, נאָר אַ פאַקט.

און אָט זענען זיי טאַקע, אונדזערע שוועסטער־קינדער פון טאַטנס צד, די אייניקלעך פון ישמעאלן. אָט איז זייערס אַ דערפל ביים הויפּט־כביש. עס ליגט ווי די מערסטע אַראַבישע דערפלעך אויפן קאַרק פון אַ בערגל, ווי גרויסע שוואַלבן־נעסטן. זיי זיצן מיט זייערע לאַנגע כאַלאַטן און די ווייסע אבאיעס, ווי כלה־שלייערן פאַר זייערע ליימענע כאַטעס. אַזוי פרידלעך און זיכער זיצן זיי, ווי זיי זענען דאָ געזעסן פאַר הונדערט און פינף הונדערט יאָר. אייניקע זיצן ביי אַ טישל, טרינקען שוואַרצע קאַווע און דערציילן זיך מעשיות. אַנדערע רייכערן נאַרגילעס. ציִען די לאַנגע שלויכן מיט אַ שלעפּעריקער הנאה. אונטן פירט אַן אַראַבער אַ קליינעם אַקער אויף זיין פעלד. אויף אַ מאָגערן פאַשע־פעלד פאַשן זיך קי. עטלעכע ציגן שפּרינגען איבער אַ ראָוו צווישן צוויי פעלדזן, זוכן אַ נאַש צו טאָן פון דער הייד, פון ביימלעך.

דער מדריך, וואָס פאָרט מיט אונדז, הייסט זכריה. ער איז אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אינסטרוקטאָר ביים משרד החקלאות פאַר אַראַבישער

לאַנדווירטשאַפט. לויט זיין עברית, ווייזט ער אויס צו זיין אַ סאַברע, לויט זיין אַראַביש — אַן עולה פון די מזרח־עדות.

דער אויטאָ שטעלט זיך אָפּ אַפּ פּאַר צעגרינטע פעלדער. איינגעטיילט אין לאַנגע פּילפאַרביקע טעפּיכער, יעדער אַזאַ „טעפּיך" געהערט צו אַן אַנדערן פּאַלאַך. די דאָזיקע פעלדער — דערקלערט אונדז זכריה — זענען ערשט פאַר עטלעכע יאָר באַאַרבעט געוואָרן מיט די פּרימיטיווסטע מכשירים, ווי פאַר טויזנט יאָר. זינטן אויפקום פון דער מדינה, באַנוצן זיך שוין אַ סך דערפער מיט טראַקטאָרן.

דער אויטאָ שטעלט זיך אָפּ ביי דער עקספּערימענטאַל־סטאַציע פּאַראַדיאַ — פאַר איילבירטן־פּלאַנטאַציעס. עס קומט אונדז אַנטקעגן אַ געפּאַקטער בלאָנדער בחור. אַ טיפּ פון אַ קיבוצניק. ער פירט אונדז דורך אַ וואַלד זיתים־ביימער ביז מיר קומען צו צו אַ לאַנגער געביידע אָן אַ סטעליע. דאָרט זענען שוין געגרייט לאַנגע טישן. זכריה שטעלט אונדז פאָר דעם „קיבוצניק": ער הייסט מוחמד זשאַרדאַלי — דער מנהל פון דער סטאַציע פּאַראַדיאַ. מוחמד דערציילט וועגן די גרויסע דערגרייכונגען אין די איילבירט־ווירטשאַפטן פון דער מדינה. אַ דאַנק דער הילף פון דער רעגירונג, האָבן זיך די געראַטענישן פיר־און־פינף־פאַכיק פאַרגרעסערט.

אַז מוחמד רעדט, ווער איך אַזוי פאַרכאַפּט פון זיין שיינעם און רייכן עברית, אַז איך הער כמעט נישט וואָס ער רעדט. איך ווייס נישט פאַר וואָס עס קומט מיר גראָד איצט אויפן זינען „אונדזער" העברעיִשער ספּיקער פון ראַדיאָ דמשק. אפשר דערפאַר וואָס ביידע — מוחמד און דער ספּיקער — זענען אַבסאָלווענטן פון אַ ישראלדיקער העברעיִשער שול. איך טראַכט: צי וואָלט מוחמד אויך דערציילט וועגן דעם געווינס פונעם אַראַבישן פּאַלאַך אונטער דער ישראל רעגירונג — ווען ער וואָלט זיך געפונען דאָרט ביי אונדזערע „ליבע" שכנים?

נאָך אַ רייכן מיטאָג־מאָל מיט טראַדיציאָנעל־אַראַבישע מאכלים („שאַשליק", „חומוס") און מיט אַ סך משקאות, פאַרלאָזן מיר די סטאַציע.

דעם ערשטן קבלת־פּנים אין דעם אַראַבישן שטעטל שפרעם האָבן מיר באַקומען פון אַ גאַנצער כאָפּטע אַראַבישע שקצימלעך. זיי קומען אָנגעלאָפן ווי די הינטלעך, קומען צו גאַנץ נאָענט צו אונדז. לאַכן אונדז חוצפה־

דיק אין פּנים אַריין, אַנטלויפן און קומען ווידער. ווייזט אויס, אַז זיי ווייסן נאָך נישט, אַז זיי זענען אונדזערע מינדערהייטן... איך אַליין פאַרגעס דאָס אויך אויף אַ ווײַלע. מיין אַטאַוויסטישער גלות־פּחד פאַר שקצים און גויישע הינט דערוואַכט אין מיר. איך האָב דאָס געפיל, אַז באַלד וועלן פליען שטיינער...

דער מיליטערישער פאַרוואַלטער (מושל צבאי) פירט אונדז אַריין אין דעם געמיינדע־בנין. ביי דער טיר איז אונדז מקבל פּנים אַ הויכער מאָגערער אַראַבער. אַ בן שבעים, אייראָפּעיִש געקליידט, נאָר מיט דער טערקישער רויטער „יאַרמעלקע" אויפן קאָפּ — דזשאַבוד יוסוף, דער בירגערמייסטער פון שפרעם. באַלד קומט דער אַראַבישער אומפאַרמיידלעכער כּיבּדו: שוואַרצע קאַווע.

צוריקגייענדיק צו אונדזער אויטאָ, זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען דעם קריסטלעכן קלויסטער. פאַרן טויער, אויף אַ שטיין, איז געזעסן אַ מיידעלע פון אַ יאָר 7—8. איך בין צו איר צוגעגאַנגען, איר אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל און זי געפרעגט צי זי לערנט אין דער שול אויך עברית. אַנשטאָט אַן ענטפער האָט מיר דאָס שיקסעלע אַרויסגעשטעלט אַ צונג און איז אַנטלאָפן...

שפּאַנענדיק דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, איבער די העל־באַלויכטענע תל־אַביבער גאַסן אַרומגערינגלט פון לויטער יידן, מענער, פרויען און קינדער — זיסע יידישע קינדערלעך — האָט מיך אַ וואַרעמקייט אַרומגענומען. אָבער די אַרויסגעשטרעקטע צונג פונעם אַראַבישן מיידעלע איז מיר נישט אַרויס פון קאָפּ, האָט זיך געלייגט אויפן געמיט ווי אַ שווערע לאַסט. נישט דער איינדרוק פון דער אַראַבישער גאַסטפריינטשאַפט איז מיר געבליבן, נאָר דווקא דער קבלת פּנים פון יענער קליינער אַראַבערקע. עס איז מיר געקומען אויפן זינען אַ יידיש ווערטל. כ'האָב עס אין געדאַנק פאַראַפראַזירט: „וואָס ביי גרויסע אויפן לונג, איז ביי קליינע אויפן צונג"...

1953

# חיפה — אונדזער שיינהייטס־קעניגין

דאָ נישט לאַנג האָט אַ נישט־יידישער רייזנדער אין אַ נישט־יידישן זשורנאַל אויסגערעכנט, וועלכע עס זענען די שענסטע שטעט אין דער וועלט. און אַז איך האָב צווישן די אויסגערעכנטע שטעט געטראָפן אויך אונדזער חיפה, האָט מיך אַ וואַרעם געפיל אַרומגענומען. אַזאַ געפיל דאַרף האָבן אַ מאַמע, ווען זי הערט ווי אַ פרעמדער לויבט די מעלות פון איר קינד. יעדע מאַמע פילט זיך געהויבן פון דעם קינדס מעלות און דערנידעריקט פון זיינע חסרונות, פונקט ווי דאָס וואָלטן געווען אירע אייגענע מעלות אָדער חסרונות.

אַוודאי איז דאָס נישט אונדזער הויפט־פאַרדינסט, וואָס חיפה ווערט פאַררעכנט צווישן די שענסטע שטעט אין דער וועלט. איר שיינקייט איז דאָך — אין ערשטער ריי — אַ גאָט־זאַך. אַזאַ איז זי שוין פון נאַטור־אויס. אַזוי איז זי געבוירן געוואָרן. דער חיפהער ים איז שוין געווען אַ „פאַר־טיקער" נאָך איידער מיר זענען פאַר טויזנטער יאָרן אַהערגעקומען. און אויך יענע פעלקער, וואָס האָבן פאַר אונדז דאָ געלעבט, האָבן דעם חיפהער ים שוין געטראָפן פונקט אַזאַ בלויען און צעשטראַלטן ווי איצט. און וואָס עס איז בנוגע דעם כרמל, טראָגט ער אויף זיינע פלייצעס שוין אַזוי פיל טויזנטער יאָרן, אַז עס איז גאָר נישטאָ אַזאַ געאָלאָג, וואָס זאָל קענען גענוי אויס־רעכענען די דאַטע פון זיין געבוירן־טאָג...

אָבער אויך אין יענע גרויע צייטן האָט אָט דער געאָגראַפישער פונקט — דער וווּנדערלעכער זיווג פון ים מיט בערג — געדאַרפט זיין שיין, נישט וויכטיק צי האָבן מענטשן דעמאָלט נאָך געקלעטערט אויף ביימער ווי מאַלפּעס, צי האָבן זיי שוין געלעבט אין היילן צי אין ליים־כאַטעס.

מיר יידן פונעם בית השלישי האָבן אָבער די דאָזיקע שיינקייט פאַר־פולקאָמט, אַרויסגעהויבן, קולטיווירט. מיר האָבן די נאַקעטע ווילדע שיינ־קייט באַקליידט און באַשיכט, צוגעפּאַסט די „מלבושים" צו דער פאַרב פון איר פנים, צו דער פאָרם פון איר קערפער. איצט שטראַלט חיפה און פאַר־

כּישופט יעדעס אויג, פון אייגענע און פרעמדע, מיט איר באַטירלעכער און קולטיווירטער שיינקייט.

אויב איר ווילט זען חיפה אין איר גאַנצער שיינקייט, דאַן נעמט אַ טאַקסי און פאָרט אַרויף אויפן כרמל. און בעת דער אויטאָ שלענגלט זיך זיג־זאַגיש באַרג־אַרויף, זאָלט איר נישט אַראָפּלאָזן קיין אויג פון דעם באַרג־אַראָפּ. פאַר אייך וועט זיך דאַן פאַנאַנדערוויקלען אַ פּאַנאָראַמע, איינע פון די שענסטע אין דער וועלט.

פון דער וויט ציטערט דער בלויער ים־שפּיגל, גרוי־בלויע בערג הייבן זיך צום הימל און צו זיי טוליען זיך הייזער און הייזלעך אין העלע דראַפּ־קאָלירן, וואָס לייכטן אין זון־שיין. זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע קליידער־באַפּוצונגען און שטייען, מעשה ספּאָרטלער, מיט די נאַקעטע, מוסקוליעזע שטיין־קערפּערס. ניין, נישט זיי שטייען, נאָר באַוועגן זיך, יאָגן אייך נאָך, ס'איז אַ פאַרמעסט ווער עס וועט פריִער דערגרייכן דעם באַרג־שפּיץ... לויפט איין הייזער־ריי, לויפט נאָך אַ צווייטע, וויל זי אַריבעריאָגן, לויפט־נאָך אַ דריטע קאָלאָנע. איין הויז איז מיד געוואָרן, געבליבן הינטער־שטעליק, איז אַרויס פון דער ריי און זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ זייט, זיך אָפּרוען... יאָגן אים אַנדערע אַריבער אין גאַלאָפּ. אַ גרופּע הייזער איז געלונגען מיט איין שפּרונג צו דערגרייכן דעם שפּיץ. שטייען זיי אויבן און קוקן לאַכנדיק אַראָפּ אויף די אונטערשטע...

און דאָס „לויפן" שטעלט זיך נישט אָפּ אויף קיין רגע, דער פאַרמעסט גייט אָן, כּסדר, אָן איבעררייס. חיפה יאָגט, האָט שוין באַלד דעריאָגט און וועט זיכער אין גיכן אַריבעריאָגן אַלע אירע שיינהייט־ריוואַלינס...

## נהריה בלייבט דייטש

מ׳דערציילט: אַז די נהריהער „דייטשן״ האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם טיילונג־פּלאַן פון נאָוועמבער 1947, לויט וועלכן זייער שטאָט האָט געדאַרפט אַריינפאַלן אין דער געפּלאַנטער אַראַבישער מדינה, האָבן זיי פייערלעך פּראָקלאַמירט: „ווי די זאַך זאָל נישט אויספאַלן — נהריה בלייבט דייטש...״

זינט דעמאָלט זענען שוין אַ סך טייכן אין ים אַריינגעפלאָסן (און בתוכם אויך דער נהריהער „טייך״ וועגן וועלכן איך וועל מיך נאָך ווייטער אַ ביסל אויספירלעכער אָפּשטעלן); גרויסע היסטאָרישע געשעענישן און קאָלאָסאַלע ענדערונגען זענען זינט דעמאָלט פּאָרגעקומען; באַפרייאונג־מלחמה, מאַסן־עליה, הונדערטער נייע יידישע ישובים, אַלטע אַראַבישע שטעט און דערפער זענען יידיש געוואָרן — נהריה איז געבליבן דייטש...

ווען די מעכטיקע כוואַליעס פון דער מאַסן־עליה האָבן זיך אויך אַריינגעריסן אין דער פרידלעך־אידילישער נהריה און „געדראָט״ צו צע־שטערן דעם רייך־דייטשן כאַראַקטער פון דער שטאָט, האָבן זיך די נהריהער שטאַרק דערשראָקן — זיי זענען געווען גרייט צו קעמפן ביזן לעצטן מאַן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייער „דייטשטום״... אָבער די שרעק איז געווען אַן איבערגעטריבענע. אין דער דייטשער נהריה איז געשען אַ יידי־שער נס. די פילע טויזנטער נייע עולים וואָס האָבן פאַרפלייצט דאָס שטעטל, האָבן נישט נאָר נישט פאַרשלונגען די קליינע „דייטשע״ מינדערהייט, נאָר להיפוך: די קליינע „אויטאָכטאָנע״ מינדערהייט האָט אַרויפגעלייגט איר חותם אויף דער גרויסער מערהייט און פורעמט זי אַלץ מער אויס לויט איר געשטאַלט... אויף די גאַסן פון נהריה הערט איר טאַקע רעדן רומעניש, אונגאַריש און אַפילו עברית, אָבער דאָך נישט אַזוי פיל ווי דייטש. דאָס איז דערפאַר, ווייל די פאַרשידנפאַרביקע נייע עולים באַנוצן זיך ווי אַ פאַר־שטענדיקונגס־מיטל צווישן זיך מיט דער נהריהער „אָפיציעלער״ שפּראַך — דייטש.

אָבער נישט נאָר שפּראַכלעך באַמיען זיך די נייע עולים צוצופּאַסן צו דער „אור־באַפעלקערונג״, נאָר אויך צו זייער לעבנס־שטייגער, זייערע זיטן, זייער קולטור־ניוואָ און דער עיקר — צו דער מוסטערהאַפטער ווירט־שאַפט פון זייערע נאָבעלע שכנים.

ווער עס באַזוכט נהריה צום ערשטן מאָל, האָט דאָס געפיל, אַז ער געפינט זיך נישט קיין צוויי און אַ האַלבע שעה רייזע פון אַזוינע שטעטלעך, ווי נתניה, פּתח־תקווה, חדרה און אַנדערע ישראל־שטעטלעך, וואָס האָבן כמעט אַלע איין פּנים, נאָר טויזנטער מײַלן ווייט פון זיי. איר האָט דאָס געפיל, אַז איר זענט אַרײַנגעפאַלן ערגעץ אין אַ מערב־אייראָפּעיִש אָדער ריכ־טיקער — אין אַ דײַטש פּראָווינץ־שטעטל, אַ ים־קוראָרט.

אפשר איז טאַקע די סיבה דערפון, וואָס פּראָפּאָרציאָנעל האָט נהריה מער קורגעסט אין די זומער־חדשים, ווי אַנדערע וואַלד־ אָדער ים־קורערטער אין לאַנד.

אפשר האָט אָט די צוציִונגס־קראַפט אַ פּסיכאָלאָגישן הינטערגרונט: די געסט האָבן דאָ די אילוזיע, וואָס אַ קורגאַסט דאַרף האָבן: אַז ער געפינט זיך זייער ווייט פון דער היים... ס׳איז דער רייץ פון ווייטקייט, נײַקייט, אַנדערשקייט. און נהריה האָט די אַלע מעלות.

שוין די הויפּט־גאַס. דער אייגנטלעכער צענטער פון שטעטל מאַכט אַ מאָדנעם אײַנדרוק. כאָטש פון בײדע זײַטן גאַס זענען פאַראַן געשעפטן מיט אַלץ, וואָס דאָס האַרץ פון אַ קור־גאַסט גלוסט, זעט מען זיי כמעט נישט אַרויס, עפּעס ליגן זיי ווי אָפּגערוקט אין אַ זײַט, פאַרשטעלט מיט ביימער און בלומען, ווי וועלנדיק זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די טומלענדיקע פרעמדע געסט. און אויך די פּנימער פון די סוחרים, די אייגנטימער פון די דאָזיקע געשעפטן, וואָס שטייען הינטער די פאַרקויפס־טישן, זענען גאָרנישט קיין סוחרישע פּנימער. ס׳מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי אַזאַ סוחר פילט זיך געשטערט פון די פילע קונים און בלויז אויס העפלעכקייט איז ער געצוווּנגען זיי צו ענטפערן, צו באַדינען, צעוואַרפן און ווידער צונויפלייגן די סחורות, וואָס ליגן אַזוי סימעטריש אײַנגעפּאַסט אין די שיין פּאָליטירטע ראַפטן....

קוים אָבער באַוויַזט זיך אַ היימישער קונה, בייט זיך דער אויסדרוק אין פּנים פונעם סוחר. ער טראָגט דער אַרײַנקומענדיקער אַנטקעגן אַן איב־

טים־היימישן „גריס־גאָט, פרוי ריינער״, פרעגט וואָס ס׳טוט דער „הער געמאַהל״, פרעגט זיך נאָך אויפן געזונט פון „פּיפּין״ (פּיפּי איז דאָס הינטל פון דער פאַמיליע ריינער, וואָס איז לעצטנס לא עליכם נישט מיט אַלעמען...)

אין מיטן צענטער פון נהריה פליסט אַ טייך, וועמענס וואַסערן ס׳גרייכן אַפילו נישט צו די קנעכל פון קאַטשקעלעך... טאַקע נאָר אין אַ לאַנד, ווו דער ירקון־טייך שפּילט אַזאַ ראָלע אַז מען גיט אויף אים אויס מיליאָנען דאָלאַרן, האָט אַזאַ „טייך״ ווי דער נהריהער די העזה צו פליסן, און נאָך דערצו אין מיטן שטאָט... און פאַרוואָס דען נישט, אַז מ׳האָט אים אַזוי פאַרבאַלעוועט: אין דער גאַנצער לענג פון זיינע ברעגעס האָבן די נהריהער געפלאַנצט שורותביימער, וואָס זענען מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו ריזן־ביימער פון 12—15 מעטער די הייך, ביימער מיט וועלכע ס׳וואָלט געקענט שטאָלצירן יעדער בכבודיקער טייך, און נאָך יעדע עטלעכע שריט פירן בריקן אַריבער דעם „טייך״. נאָך אַזוינע כבודים מעג זיך טאַקע דאָס צווערגל איבערנעמען און זיך איינרעדן אַז עס איז ווער ווייסט ווער!...

אָבער צום שבח פון אָט דעם טייכל מוז געזאָגט ווערן, אַז פליסן פליסט עס דווקא ווי אַן אמתער טייך, וואָס האָט אַ נאָמען, לעבעדיק און פריילעך, און קלאָר און דורכזיכטיק איז עס ווי אַן אמתער באַרג־קוואַל, כאָטש פאַל פאַר אים אויף די קני און טרינק...

דער צווייטער קוריאָז (די „אַנדערשקייט״). אין נהריה זענען די עקיפּאַזשן, די פיאַקערן, וואָס שטייען אין מיטן שטאָט און וואַרטן אויף „פאַרשוינען״ — אַ זאַך, וואָס מ׳זעט נישט אין קיין שום ישראלדיקער שטאָט. עס דערמאָנט דיך אין דער אַלטער היים, דעם שטעטל, וואָס ליגט עטלעכע קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַציע, וווהין די פיאַקערן פירן אָפּ און ברענגען פּאַסאַזשירן פון דער באַן.

דעם גרעסטן איינדרוק מאַכן אין נהריה די טויזנטער ביציקלעטן, — און דער עיקר די פרויען־ביציקלעטן. יעדן אין דער פרי און פאַר נאַכט זעט מען אויף די גאַסן גאַנצע ביציקלעטן־קאַראַוואַנעס פון פרויען, וואָס פאָרן איינקויפן, מיט די איינקויפסטאַשן צוגעבונדן פון הינטן. יונגע מיידלעך, פרויען, זקנות — אַלע אויף ביציקלעטן. אויב אַ פרוי גייט צו פוס איינקויפן, אַזוי איז עס דערפאַר ווייל זי פירט מיט אַ קינדער־וועגעלע... די

דאָזיקע טראַדיציע האָבן די נהריהער דייטשן מיטגעבראַכט פון זייערע אַלטע היימען. דער נייער דור האָט אים איבערגענומען. און אויך די צוגעקומענע נייע עולים־פּרויען שליסן זיך אַלץ מער אָן דעם דאָזיקן ביציקלעטן־קולט. און פאַרוואָס דען נישט? ער איז אי שיין, אי געזונט און אי נוצלעך.

יאָ, אויף פאַרייניקן עסטעטיק מיט נוצלעכקייט — זענען די נהריהער דייטשן ספּעציאַליסטן. דערויף זאָגן עדות די קרייץ־און־קווער־גאַסן פון שטעטל, וואָס זעען אויס ווי שמעקענדיקע, בליענדיקע, פרידלעכע פּאַרקן, ווו יעדעס הייזל, יעדע ווילע טוקט זיך אין אַ ים ביימער און בלומען. און הינטער אָט די מאָלערישע „פּאַסאַדן" געפינען זיך די עופות־שטייגן, די שטאַלן און אויטאָ־גאַראַזשן, די ירקות־גערטנער, אַלץ שיין, ריין, ציכטיק און גרינטלעך־פּראַקטיש.

יאָ, נהריה בלייבט דייטש.

1955

## פון „פולה" ביז עפולה

ווי אַ רויִקער פרידלעכער ים שפּרייט זיך אויס פאַר אונדזערע אויגן אַ ווייטער גרינער פלאַך, די פּרוכפּערדיקסטע „פּרעריע" פון ישראל — דער עמק יזרעאל. ווי ווייט דאָס אויג גרייכט שפּרייטן זיך אויס ווייטע, גרינע טעפּיכער, אַפילו דאָ ווו די לופט איז דורכזיכטיק און קלאָר, ווו ווייטקייטן זעען אויס אַזוי נאָענט, זענען די גלילער בערג ווייט, קוים וואָס מען זעט זיי.

אינערגעץ איז די ערד נישט אַזוי שוואַרץ און פעט, דער הימל נישט אַזוי בלוי, די גרינקייט נישט אַזוי זאַפטיק, אַזוי שמעקנדיק און די זאַנגען נישט אַזעלעכע הויכע און פולע — ווי אין עמק יזרעאל.

דער אויטאָ גליטשט זיך איבערן גלאַט אַספאַלטירטן שאָסיי, די ברוסט אָטעמט פרייער און טיפער אין אָט דער אומענדלעכער רחבות און דאָס אויג באָדט זיך אין אַ ים דופטנדיקער גרינקייט.

און אויב דער עמק איז די פּערל פון ישראל, איז עפולה, איר הויפּט־שטאָט, די פּערל פון עמק. נישט קיין טומלענדיקע איז זי, נישט קיין „שווייצערין" ווי אַ סך פון אירע אין ביזנעס פאַרקאָכטע שוועסטערס. אַ שטילע און צנועהדיקע שטייט זי, פאַרשלייערט מיט ביימער און פּאַלמען־אַלייען. אַ פאַרחלומטע קוקט זי מיט אירע קליינע ווילע־הייזלעך אַרויס צום ווייטן פלאַך. זי געדענקט נאָך די צייט ווען זי איז נאָך געווען אַ שמוציק אַראַביש ליים־דערפל, אַרומגערינגלט פון הויכע בערג מיסטן וואָס זענען פון דור צו דור אַלץ העכער געוואָרן... ווען דער פאַרזומפּטער „פולה" איז נאָך געווען אַ ראַיענדיקע נעסט פון מאַלאַריע, דיזענטעריע, טיפוס און כלערליי מיאוסע הויט־קראַנקהייטן; ווען די גאַנצע געגנט איז געלעגן אַ פאַרלאָזטע. ביז עס זענען געקומען מענטשן פון ווייטע מקומות און זיי האָבן זיך אונטערגענומען אויסצוהיילן די קראַנקע ערד...

מרחביה איז געווען דער ערשטער יידישער ישוב אין עמק יזרעאל (געגרינדעט אין 1910). אין דער זעלבער צייט אַנטשטייט אויך אין עמק די ערשטע אַמבולאַנס, אַ קליינער הילצערנער באַראַק, ווו די קראַנקע האָבן באַקומען די ערשטע מעדיצינישע הילף. וועגן אָט דעם ערשטן „שפּיטאָל" אין עמק יזרעאל שרייבט יוסף ראַבינאָוויטש אין זיינע זכרונות צווו. אַנד.:
„די סטעליע (פון דעם צריף) איז געמאַכט געווען פון דינע דרענגלעך און פוילן שטרוי פון וועלכן עס האָט זיך טאָג און נאַכט געשיט אַ שמוציקער שטויב, ווי אַ דינער רעגן. דער ערדענער דיל, איז געווען פול מיט אַלטן מיסט און שטויב. צווישן די דרענגלעך און דעם שטרוי פונעם סופיט זענען אַרומגעשפּרונגען מחנות שטשורעס, גרויס ווי די קעץ, און אויף דער ערד — מיליאָנען פליי, וואָס זענען אונדז דערגאַנגען די יאָרן".

אַריינגייענדיק אין האָל פונעם גרויסן פּרעכטיקן שפּיטאָל־בנין פון דער קופּת־חולים אין עפולה באַמערקן מיר אויף דער וואַנט הענגען די פאָ־טאָגראַפיע פון יענעם ערשטן „שפּיטאָל" אין עמק. דאָס דאָזיקע בילד הענגט ווי אַ זעלטענע רעליקוויע פון אַ ווייטער היסטאָרישער תקופה. מען פירט אונדז פון צימער צו צימער, פון זאַל צו זאַל, מען ווייזט אונדז דעם רענטגען־אינסטיטוט, די געבורט־אַנשטאַלט, די קינדער־אָפּטיילונג, די כירורגישע, אינטערנע, גינעקאָלאָגישע אָפּטיילונגען, די שול פאַר קראַנקן־שוועסטער, די

קיך, וואַש־ און רייניקונג־אָפּטיילונג מיט די מאָדערנסטע מעכאַניזירטע איינריכטונגען, דאָס גרויסע עס־צימער, דעם קאָנפערענץ־זאַל — אַ לאַבירינט פון צימערן און זאַלן אויף פאַרבלאָנדזשעט צו ווערן.

צוריקבלייבנדיק אַ ווײַלע פון דער גרופּע, האָב איך אין אָט דעם לאַבירינט פון טירן און קאָרידאָרן פאַרלוירן די אָריענטאַציע און בין אַרײַן אין אַ צימער, וואָס האָט געפירט דורך אַ גלאָז־טיר אין צוויי אַנדערע אַקעגן־איבער ליגנדיקע צימערן. אין פאָרצימער איז געשטאַנען אַ קראַנקן־שוועסטער, פאַרדעקט דאָס מויל מיט אַ גאַזע־פאַרבאַנד, ווי ס׳טראָגן עס דאָקטוירים ביי אַן אָפּעראַציע. אין דער זיכערער מיינונג, אַז דאָס צווייטע צימער איז אַן אָפּעראַציע־זאַל, ווו עס ווערט גראָד דורכגעפירט אַן אָפּעראַציע, האָב איך געוואָרפן אַרײַן אַ בליק דורך דער גלאָז־טיר און בין שטיין געבליבן אַ געפּלעפּטער: אין צווייטן צימער זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ ריי עטלעכע „קרעדענצן“, ענלעך ווי די באַגלאָזטע זילבער־שאַנקן, באַלויכטן פון אונטן מיט אַ רויט עלעקטרישן ליכט. אָבער שטאָט די „זילבער־זאַכן“ איז אין יעדן פון זיי, אונטער גלאָז, געלעגן אַ ראָזע פאָרצעלייענע ליאַלקע. האַלב איינגעהילט אין ווייסער גאַזע, אין אויסזען און אין דער גרויס — ווי יענע ראָזעווע פאָרצעליי־ליאַלקעס, וואָס ווען מען באַוועגט זיי, ברענגען זיי אַרויס דעם קלאַנג „מאַ־מע“. איך בין ביים ערשטן בליק געווען זיכער, אַז דאָס זענען שפּיל־ליאַלקעס, באַשטימט פאַר די שפּיטאָל־קינדער. דאַן איז מיר איינגעפאַלן: אפשר זענען דאָס עמבריאָנס? פאַרוואָס־זשע ליגן זיי נישט אין אַלקאָהאָל? און בעת איך טראַכט אַזוי, גיט איין „ליאַלקעלע“ (אָדער „עמבריאָנעלע“) אַ דריי מיטן קעפּל... — וואָס איז דאָס?! פרעג איך די שוועסטער, אויסער זיך פאַר איבערראַשונג. די פאַרמאַסקירטע שוועסטער נעמט אַראָפּ דעם פאַרבאַנד פון מויל און זאָגט:

— דאָס זענען פרי־געבורטן. קינדער, וואָס וועגן קוים איין קילאָ און נאָך ווייניקער...

איצט ווערט מיר ערשט קלאָר, אַז די „זילבער־שאַנקן“ זענען אינקובאַטאָרס, וואָס דערפילן אַ וויכטיקע מיסיע ביי אָט די פרי־געבורטן. דער אינקובאַטאָר דאַרף דערגענצן דאָס, וואָס די שוואַנגערע פרוי האָט נישט פאַרענדיקט, ער דאַרף „אויסבריען“ דאָס קינד ביז צו זיין נאָרמאַלער גרייס

און וואָג. און אַז דאָס ווערט דערגרייכט, ווערט דאָס קינד צום צווייטן מאָל געבוירן, און עס האָט זיין לעבן צו פאַרדאַנקען זיין קינסטלעכער מאַמע נישט ווייניקער ווי דער לעבעדיקער.

אַן ערך 50 פּראָצענט פון אָט אַזעלכע פרי־געבוירטן בלייבן היינט לעבן, דאָס איז אַ גרויסער דערפאָלג. אַ מאָל זענען אַלע הונדערט פּראָצענט פון אַזעלכע פאַלן געשטאָרבן.

די דאָזיקע אָפּטיילונג אין עפולה איז די גרעסטע אין לאַנד, איר גרינדער און לייטער איז דער באַקאַנטער קינדער־ספּעציאַליסט ד״ר עריך נאַסאַו. מיט 25 יאָר צוריק איז ד״ר נאַסאַו אויף איינלאַדונג פון דער קופּת־חולים געקומען אין לאַנד צו לייגן דעם יסוד פאַר אַזאַ אָפּטיילונג. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ באַקאַנטער קינדער־ספּעציאַליסט אין בערלין. דער עמק איז אים אַזוי געפעלן, ער האָט זיך אַזוי איינגעלעבט אין דעם ווערק וואָס ער האָט דאָ געשאַפן, אַז ער האָט יעדעס מאָל אַלץ אָפּגעלייגט דאָס אומקערן זיך אַהיים, קיין דייטשלאַנד. ביז עס איז געקומען דאָס יאָר 1934...

דער פּרעסע־סיור קיין עפולה איז דאָס מאָל געווען פאַרבונדן מיטן באַזוך פון געזונטהייטס־מיניסטער. צוזאַמען מיט אים האָבן מיר באַזוכט אַלע צימערן, זאַלן און אַנשטאַלטן און דער אָרעאָל פונעם „כבוד השר״ האָט אויך אויף אונדז פּשוטע בשר ודמס, געוואָרפן זיין שיין...

אַז מיר זענען אַריין אין דער געבורט־אַנשטאַלט, איז אונדז דאָס ערשטע געפאַלן אין די אויגן אַ שוועסטער, וואָס איז געווען שטאַרק באַ־שעפטיקט ביי אַ רויט צאַפּלדיקן נפשל. דער מיניסטער איז נענטער צוגע־גאַנגען און ערנסט באַטראַכט דאָס קלייניקע מענטשעלע.

— ווי אַלט איז דאָס קינד? האָט ער געפרעגט.

— פינף מינוט — האָט שמייכלענדיק געענטפערט די שוועסטער. אין דער זעלבער רגע האָט אַ בליץ געטאָן דער פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט פונעם מיטפאָרנדיקן פּרעסע־פאָטאָגראַף און — — —

אַז דאָס קינד וועט אויסוואַקסן, וועט עס זיך מעגן באַרימען, אַז איידער עס האָט נאָך אָנגעהויבן זייגן, האָט עס שוין געהאַט אַן „אויפנאַמע״ מיט אַ מיניסטער...

מיר געזעגענען זיך מיטן שפּיטאָל, מיט די קראַנקע און מיטן פינף־

מינוטנדיקן קינד און ווינטשן אים אַז זיין ערשטע פאָטאָגראַפיע מיט אַ מיניסטער פון געזונטהייט זאָל ווערן אַ סימבאָל פון געזונט, פאַר אים און פאַר אַלע יידישע קינדערלעך.

1955

# אויף אַ קיבוצישער חתונה

אינעם איינלאַדונג־בריוול, וואָס מיר האָבן באַקומען פון אונדזערע קיבוצישע קרובים, איז געווען געשריבן, אַז די חופה וועט פאָרקומען אין דעם און דעם טאָג, אַ זייגער פינף נאָך מיטאָג. מיין פרוי האָט זיך געמאַכט דעם פלאַן, אַז מיר זאָלן אַרויספאָרן פון דער היים שוין גאַנץ פרי. דער קיבוץ ליגט אַ האַלבע שעה אויטאָבוס־רייזע פון חיפה. האָט זי אויסגערעכנט, אַז מיר וועלן אַהין אָנקומען אַרום 10 אַ זייגער פאַרמיטאָג.

— עס איז דאָך עפּעס דאָס איינציקע קינד, וואָס זי פירט צו דער חופה, וועט זיך דאָרט טאָן אויף טיש און אויף בענק. איז ווער דען וועט נישט איך, איר נאָענטסטע קרובה, זאָל קומען העלפן! — האָט זי געזאָגט.

איך אָבער האָב מיין פרוי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס קאָכן און באַקן וועט זיכער באַזאָרגן דער קיבוץ. און מיט די אַנדערע זאַכן וועלן זיי זיך שוין אַליין אַן עצה געבן.

צוויי אַ זייגער זענען מיר, ביידע אויסגעפוצטע — איך אין אַ שוואַרצן אַנצוג און אַ נייער קראַוואַט און מיין פרוי מיט אַ פריש אָנדולירטן קאָפּ, אַ ניי שוואַרץ זיידן קלייד, דאָס פּנים און די ליפּן גוט „פּאָפּראַוועט" — אָנגעקומען אין קיבוץ און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער דירה פון די מחותנים. אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר נישט באַגעגנט קיין איין מענטש, דער קיבוץ איז ווי אויסגעשטאָרבן געלעגן. — זיי זענען שוין זיכער אַלע אויף דער חתונה — האָב איך געטראַכט — עפּעס אַ קלייניקייט: די מחו־תנים — פון די ערשטע קיבוץ־גרינדער, חתן־כלה — געבוירן און אויסגע־וואַקסן אין קיבוץ!

צוקומענדיק צו דער טיר פון דער דירה, האָבן מיר זי געטראָפן געשלאָסן.

— וואָס האָסטו געוואָלט — האָט מיין פרוי געזאָגט — אַז קאַרגע דריי שעה פאַר דער חופה זאָל מען זיצן אין שטוב? מען הוליעט שוין זיכער אין זאַל.

זענען מיר געגאַנגען צום חדר־האוכל. ער איז טאַקע געווען פול, נאָר אָנשטאָט צו „הוליען", זענען ביי די טישן געזעסן קיבוצניקעס אין די אַרבעטס־קליידער און געגעסן מיטאָג. די מחותנים פון חתנס און כלהס צד — בתוכם, נאָך דער ערשטער באַגריסונג האָט מען אונדז תיכף אַוועק־געזעצט און דערלאַנגט עסן.

— וואָס טוט זיך דאָ — האָב איך אויסגערופן צו די מחותנים — איר אַרבעט גאָר? היינט אויך?

— די חופה איז דאָך ערשט 5 אַ זייגער.

— און איר גייט נאָך אפשר צוריק צו דער אַרבעט?

זיכער גייען מיר.

— און ווער איר כאָטש קומען צו דער חופה?

מיין קרובה האָט מיין וויציקע פראַגע אָנגענומען ווי אַן ערנסט און געענטפערט:

— יאָ, אָבער ערשט קנאַפּ פאַר 5. דער רב קומט דאָך נישט פריער...

דער מחותן האָט אונדז דערלאַנגט דעם שליסל פון דער דירה.

— גייט רוט זיך אויס פון דער רייזע, ביז מיר וועלן קומען — האָט ער געזאָגט אויפהייבנדיק זיך פון טיש.

גייענדיק צו דער דירה, זעען מיר פון וויטן אונדז אַנטקעגן קומען אַ וועגעלע מיט אַן אייזל געשפּאַנט, אָנגעטריבן פון אַ בחור מיט אַ פאַרשמירטער בלויער אַרבעטס־בלוזע. ער באַגריסט אונדז שוין פון וויטנס:

— שלום! מתי באתם?

איך וואַרף אַ בליק אויפן בחור מיטן פאַרברודיקטן און פאַרשוויצטן פנים און גלייב נישט מיינע אויגן.

— שמואליק! — שריי איך אויס — דו? היינט?!

— ומה? קוקט ער מיך אָן פאַרחידושט.

— איצט פירסטו מיסט? פאַר דער חופה?

— דער חתן וואַרפט אַ בליק אויפן האַנט־זייגערל און זאָגט:

— עוד יש זמן. ער קומט דאָך ערשט אַרום 5 אַ זייגער.

— ווער?

— הרב — ענטפערט ער. גיט אַ קנאַק מיטן בייטשל און מיט אַ „להתראות” פאָרט ער ווייטער.

בלייבן מיר ביידע שטיין און וויסן נישט וואָס צו טאָן ביז די מחותנים און חתן־כלה וועלן צוריקקומען פון דער אַרבעט... יאָ, די כלה אויך. זי האָט זיך היינט פרייוויליק איינגעשפּאַנט, די אַרבעט אין קיבוץ ברענט אַצינד. די נייַנצן יעריקע חיילת האָט צוליב דער חתונה באַקומען דריי טעג אורלויב פון צבא. לויטן געזעץ וואָלט זי אַצינד געקענט איינגאַנצן באַפרייט ווערן. נאָר נישט דער קיבוץ, נישט די עלטערן און נישט, זי אַליין ווילן די פּריווילעגיע אויסנוצן, איבעררייסן דעם מיליטער־דינסט ווערט אין קיבוץ פאַררעכנט פאַר אַ בושה. אויף אַ בחור אָדער מיידל, וואָס האָט צוליב עפּעס אַ סיבה נישט דערפילט די מיליטערישע פליכט, קוקט מען קרום.

צוואַנציק מינוט פאַר פינף זענען זיי אַלע געקומען. פונקט פינף אַ זייגער האָט זיך געעפנט די טיר און אין שטוב האָבן זיך אַריינגעשאַרט פינף קליינע טונקל־הויטיקע קינדער, איינס קלענער פונעם צווייטן און נאָך זיי — אַ מאָגערע פרוי מיטן זעקסטן קינד אויף די הענט, און נאָך איר — איר מאַן און דער טאַטע פון די קינדער, אַ דאַר תימנער יידל מיט אַ שפּיציק שוואַרץ בערדל און מיט דין־געקרייזלטע פּאהלעך — דער „רב” וואָס וווינט נישט ווייט פון קיבוץ און איז דער מסדר־קדושין פון די שכנישע קיבוצישע חתונות...

דאָס ערשטע האָט ער געהייסן די מענער באַדעקן די קעפּ. איין מחותן האָט אָנגעטאָן אַ נאַז־טיכל אויפן קאָפּ... דער צווייטער און דער חתן האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט בערעטן. דאָס יידל האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, פאַרגעלייענט און געהייסן חתמענען די כתובה. דאַן האָט ער גענומען אַן אַלטן טלית, אויסגעשפּרייט איבער די קעפּ פון חתן־כלה און גענומען „זאָגן” מיט אַ כאַרכלענדיקן קול. און מ׳האָט נישט געקענט אונטערשיידן צי איז

דאָס לשון־קודש צי — אַראַביש... נאָכן „הרי את" און דעם „זופּ" ווײַן פון חתן־כלה, האָט דער רב אַ געשריי געטאָן „מזל טוב". און ווענדנדיק זיך צו די מחותנים האָט ער געפרעגט: — נו, האָב איך עס נישט „געמאַכט" פּונקט אַזוי ווי אַ „שיקנאַזי" ?...

אַזוי ווי „געדרייט" אונטער דער חופּה האָט מען זיך אַפילו קיין איין מאָל נישט, און קיין דרשה האָט מען אויך נישט געהאַלטן, האָט די גאַנצע „מעשה" נישט געדויערט קיין פופצן מינוט. אויב אַזוי זענען דאָך די מחותנים און חתן־כלה גערעכט געווען, וואָס זיי האָבן נישט גערדאַרפט אַוועק פון דער אַרבעט פריער... איין שטיקל סימן פון חתונה איז יאָ געווען: אין קיך ביי אַ טישל אין אַ ווינקל זענען געזעסן די „רביצין" מיט די קינדער און האָבן געפּאַקט אויףביידע באַקן דערמאָנענדיק די אָרעם־מאָלצייטן פון די אַמאָליקע יידיש־נגידישע חתונות.

— הייסט עס, אַז עס איז „פּאָ כופּיע"? — האָב איך אַן אַנטוישטער געפרעגט.

— דאָס איז אַ רעליגיעזע פאָרמאַליטעט וואָס מען מוז זי לויטן געזעץ דערפילן. די חתונה וועט ערשט פראַווען דער קיבוץ. ער וועט מאַכן אַ מסיבה. עס וועלן קומען אַלע חברים, די גאַנצע יוגנט, און מען וועט הוליען.

— אַ מסיבה איז אָבער נישט קיין חתונה...

— פאַרוואָס נישט?

די רייכסטע מסיבה וועט קיין מאָל נישט זיין אַזוי רייך ווי עס איז געווען די אָרעמסטע חתונה אין די אַמאָליקע יידישע שטעטלעך.

— דאָס איז שוין היינט געשיכטע, פאָלקלאָר...

— שיין איז עס געווען!

וואָס זשע האָסטו געוואָלט — אַז די היינטיקע יוגנט זאָל פראַווען חתונות מיט פאָרשפּילן און שבע־ברכות, מיט באַדעקנס, און מצווה־טענץ?

— איך פאַרזיכער דיך, אַז אייער „פראָגרעסיווקייט" וואָלט דערפון חלילה נישט געליטן און אונדזערע סאַברעס וואָלטן אסור דערפון נישט אָרעמער געוואָרן...

דער „רב" און די „רביצין" מיט די קינדער זענען אַוועק און אַז עס איז צוגעפּאַלן די נאַכט, האָבן מיר זיך אַלע געלאָזט גיין אין חדר־האוכל צום וואָכעדיקן נאַכטמאָל...

## אין יענע טעג

אונטער אָט אַזאַ קעפּל קומט כמעט תמיד אַן אונטער־קעפּל אין קלאַמערן מיטן נאָמען „זכרונות". ווערט דאָך געוויינטלעך אונטער דער באַצייכענונג „יענע טעג" פאַרשטאַנען אַ תקופה, וואָס ליגט שוין ווייט הינטער אונדז, אַ פאַרגאַנגענהייט פון מינדעסטנס 20—30 יאָר, בעת די טעג, וועגן וועלכע מיר שרייבן איצט זענען — פרישער, צאַפּלדיקער היינט. עס קייטלען זיך נאָך די רינגען פון אונדזער גורל — שעה צו שעה, טאָג צו טאָג. די קייט איז נאָך לאַנג נישט קיין אָפּגעשלאָסענע.

און דאָך — דאָך איז שוין פאַראַן אַ שטיקל דיסטאַנץ צווישן יענע ערשטע טעג און די איצטיקע. קודם כל איז ליכטיק געוואָרן אין די שטובן און אויף די גאַסן. און אַז עס איז ליכטיק אַ ר ו ם אונדז, איז אויך ליכטיקער אי ן אונדז. אין דער העלקייט זעט מען אַלץ מיט אַנדערע אויגן ווי אין דער פינצטער. מען זעט קלאָרער, שאַרפער, דער מוח אַרבעט לאָגישער, רויִקער. און די דיסטאַנץ צווישן נעכטן און היינט איז שוין אויף אַזוי ווייט בולט, אַז מען מעג זיך שוין אַפילו דערלויבן צו שרייבן „זכרונות" וועגן „יענע טעג"...

מיינע „זכרונות" וועלן זיך בלויז באַשרענקען אויף אַ קליינעם פּרט. איך וויל בלויז דערציילן, ביי ווענען איך האָב אין יענע ערשטע טעג פון אומרו און פחד געשעפּט כוחות, געפינען אַ טרייסט און באַרויִקונג פאַר די צעשרויפטע נערוון.

אָנגעהויבן האָט זיך עס, ווי מיר ווייסן אַלע, נאָך מיט עטלעכע טעג פאַרן „אָנהייב". כמעט אין יעדן הויז איז נאַכט פאַר נאַכט אַוועקגעגאַנגען אַ זון פון טאַטע־מאַמע, (און בתוכם אויך מיין בן־יחיד) אָדער אַ מאַן פון

ווייב און קינדער. די גאַסן זענען געוואָרן אַלץ ליידיקער און פוסטער. שוין אין די פרי־ע אָוונט־שעהען האָט מען געקענט רויק און זיכער אַדורכגיין די סאַמע באַלעבאַטסטע גאַסן אָן מורא איבערגעפאָרן צו ווערן פון אַן אויטאָ...
און אַז עס איז געקומען די טאָטאַלע פאַרפינצטערונג, האָט שוין קיינער מער נישט געצווייפלט, אַז יעדע רגע וועט זיך אָנהייבן דער פאַרמאַרש פון צה״ל — קיין ירדן.

דאַן איז געקומען די גרויסע איבעראַשונג, טעג פון פאַרשיכערונג, און באַלד — די אויסניכטערונג און דער פחד, פחד, אַז מיר זאָלן חלילה נישט צעריבן ווערן ווי אַ זאַמד־שטיינדל צווישן די שטאָלענע ריזן־וואַלצן פון רעכטס און לינקס; אַז מיר זאָלן חלילה נישט פאַלן אַ קרבן פון אַ „פרייהייט־קעמפנדיקער״ און „שלום־ליבנדיקער״ מאַכט, וואָס האָט שוין נישט איין מדינה „באַפרייט״.

אין אָט יענע גורלדיקע שעהען, ווען מען איז נישט אָפּגעטרעטן פון די ראַדיאָס, זיך געפּילפּלט איבער יעדע נייע ידיעה, געשלונגען יעדן צייטונג־קאָמענטאַר, — האָט מיך קיין זאַך נישט אַזוי געקענט באַרויִקן, ווי — גלייבט עס יאָ צי נישט — דער בוי פון אַ נייעם בנין אַנטקעגנאיבער מיין שיכון. אָנגעהויבן בויען דעם נייעם גרויסן בית־משותף האָט מען נאָך אין „טיפן פרידן״.

קודם האָט אַ טראַקטאָר אויסגעגליכן די בערג זאַמדן, דאַן האָט מען אויסגעגראָבן איבערן גאַנצן שטח — עטלעכע הונדערט קוואַדראַט מעטער — אַ טיפן גרוב און געגאָסן דעם פונדאַמענט. אויף דעם פלאַץ האָט געווימלט פון אַרבעטער, וואָס האָבן פון אויטאָס און וועגענער אָפּגעלאָדן אייזן־שינעס, ברעטער, געהילצן און צעמענט. אַז די היסטאָרישע סיני־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן איז שוין געווען אויפגעשטעלט די רושטאָוואַניע, און ווען עס איז דערגאַנגען צו אונדז די „גוטע בשורה״ וועגן סאָוויעטישע „פרייוויליקע״, זענען אויף דער רושטאָוואַניע געשטאַנען האַלב־נאַקעטע אַרבעטער (אין יענע „הייסע״ טעג איז אויך קלימאַטיש געווען הייס) און געלייגט ציגל אויף ציגל צום נייעם בית־משותף.

יעדעס מאָל, ווען איך בין אַ צעשרויפטער אַוועק פון ראַדיאָ און געזען דורכן פענצטער ווי די ווענט פון דעם נייעם בנין וואַקסן אַלץ העכער

און העכער; געזען ווי די הענט פון די מויערער באַוועגן זיך פלינקע, זיכערע, געניטע, האָט דאָס מיך מער באַרויִקט, ווי די אַלע באַרויִקנדע אַר־טיקלען פון אַ סך פּאָליטישע קאָמענטאַטאָרן. פון אָט דעם זיך בויִענדיקן בנין האָט צו מיר גערעדט יידישע עקשנות פון אַלע דורות וואָס האָט אַריבערגעלעבט אַלע המנס, אַלע בייזע שטורעמס, אַלע שייטערהויפנס. ביינאַכט, אַז דער ראַדיאָ האָט געבראַכט עפּעס אַן אַלאַרמירנדיקע ידיעה, האָב איך קוים געוואַרט אַז עס זאָל ווערן טאָג, אַז איך זאָל קענען זען, וואָס עס הערט זיך מיטן נייעם בנין... עס איז ביי מיר געוואָרן אַ מין אידעע־פיקס. אַזוי לאַנג די אַרבעטן פונעם נייעם בנין וועלן נישט איבער־געריסן ווערן, איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן...

געשעענישן האָבן זיך מיט בליציקער שנעלקייט געיאָגט. ידיעות האָבן געברויזט. באַלד ווי אייז־קאַלטע, באַלד ווי וואַרעם־מילדע טושן... בעת אָט דעם שוועבן צווישן זיין און נישט־זיין, זענען געשטאַנען יידישע מויערער אויף אַ רושטאָוואַניע און רויִק, ווי קיין שום זאַך וואָלט נישט געשען, געבויט אַ נייעם יידישן בנין. זייער רו און זיכערקייט האָט זיך איבערגעטראָגן אויף מיר, געווירקט ווי באַלזאַם אויף וווּנדן.

ביז אַהער דערווייל מיינע „זכרונות". זיי זענען בלויז אַן אָנהויב, „יענע טעג" זענען דאָך אויך בלויז אָנהויב. זיי גייען ווייטער און קיינער ווייסט נישט מיט וואָס זיי וועלן זיך פאַרענדיקן. איינס אָבער ווייס איך שוין איצט אויף זיכער: אַז אין עטלעכע וואָכן אַרום וועט מיין שכונה באַ־רייכערט ווערן מיט אַ נייעם יידישן בית־משותף. כן ירבו.

1956

# אַן אויספלוג צו די פּאַרצייטנס

איינער פון די נסים וואָס געשעען נאָך היינט אין אונדזער קליינינקער מדינהלע איז זיכער דער קפיצת־הדרך וואָס יעדער בשר ודם קען זיך ביי אונדז פאַרגינען. אַ קליינער ביישפּיל: אַ רייזע פון איראָפּעיִשן געבערג־קלימאַט ביז צו אַ טראָפּישן פלאַכלאַנד געדויערט „ביי לייטן" וואָכנלאַנג. ביי אונדז געדויערט אַן אויספלוג פון די גלילער בערג (וואָס האָט אַן איראָ־פּעיִש־געמעסיקטן קלימאַט) ביז צום טראָפּישן סדום — בלויז איניקע שעהען.

אָבער נישט נאָר אַ קפיצת־הדרך פון ש ט ח קען מען זיך ביי אונדז פאַרגינען, נאָר אויך אַ קפיצת־הדרך פון צ י י ט. ביי אונדז קען מען זיך, למשל, אַריינזעצן אין אַ פּשוטן „אגד"־אויטאָבוס אין תל־אביב אינעם יאָר 1957 און נאָך אַ 2—3 שעהדיקער רייזע אָנקומען... צום 2־טן יאָרטויזנט פון פאַר דער קריסטלעכער רעכענונג. נאָך אַ צוויי שעהדיקער רייזע אין דרומדיקער ריכטונג, קענט איר פּלוצעם דערזען אויף אַ ווייטן מדבר־סטעפּ די לייוונטענע געצעלטן פון אַברהם אָבינו. איר קענט דערזען די סטאַדעס שאָף, אייזלען, קעמלען, קנעכט און די דינסטן מיט וועלכן גאָט האָט אים געבענטשט. אָפּפאָרנדיק אַ ביסל ווייטער קען זיך אייך טרעפן, אַז איר זאָלט באַגעגענען גיין מיט מידע טריט אַ שלאַנקע שוואַרץ־פאַרשלייערטע פרויען־געשטאַלט, פירנדיק ביי דער האַנט אַ קינד. און איר „דערקענט" זי אויפן ערשטן בליק: ס'איז הגר מיטן קליינעם ישמעאליק.

נאָך אַ ווייטערדיקער צוויי־שעהדיקער רייזע — און איר געפינט זיך אין לוטס אַלטער היים־שטאָט. אויך דאָ האָט זיך אין משך פון דער צייט וויניק געביטן. דאָס זעלבע זאַלץ. דער זעלבער ים־המוות. די זעלבע הרי מואָב און אֶדום פון ווייטן. בלויז די בני־סדום האָבן זיך אין די לעצטע פיר טויזנט יאָר געענדערט, אויף נישט צו דערקענען. אין ערגעץ געפינסט מען נישט אַזוי פון הכנסת אורחים ווי אין היינטיקן סדום. אין ערגעץ שלאָפט נישט אַ פרעמדער אורח אַזוי באַקוועם ווי אין אַ סדומער בעטל... יאָ, צייטן

בייטן זיך. יענע באַרימטע בעטלעך אין וועלכע ס׳ווערן צוגעפּאַסט (ד. ה. אויסגעצויגן אָדער אָפּגעהאַקט) מענטשלעכע גלידער, הענט און פיס, מענטש־לעכער מוח און נשמה — אָט די בעטלעך ווערן היינט ערגעץ אַנדערש, פון אַ פיל גרעסערער און מאָדערנערער פירמע פּראָדוצירט...

*

פון צפת נעמען מיר אַ ספּעציעלן טאַקסי. זיבן אירע. מיר פאָרן אין צפונדיקער ריכטונג. בערג קייטלען זיך מיט בערג. בערג און טאָלן, בערג און טיפע שלוכטן. קיין שפור פון הייזער און מענטשן. די ברוסט אָטעמט פרייער און טיפער. נאָר אָט טויכט אויף אַ ישוב. דאָס אַראַבישע דאָרף גוש־חלב. דער אויטאָ שטעלט זיך אָפּ, כדי דער שאָפער (וואָס דינט אונדז אויך ווי אַ מדריך), זאָל אונדז עפּעס ווייזן און דערקלערן. אַ כאָפּטע אַראַבישע קינדער רינגלען אונדז אַרום, קוקן אונדז נייגעריק, כ׳וואָלט געזאָגט חוצ־פּהדיק, אין די אויגן. ס׳דערמאָנט אין שקצימלעך פון די אַלטע היימען. די חוצפּה פון די אַראַבישע קינדער האָט אָבער דעם זעלבן כאַראַקטער ווי די חוצפּה פון אונדזערע אייגענע סאַברע־קינדער. איך פרעג איינעם:

— אתה מדבר עברית?

— כן! — שרייען אַלע אויס.

— אני בכיתה גימל — באַרימט זיך איינער.

איך וואַרף אַ בליק אויף זיין אָרעם און שטוין: ער טראָגט אַ האַנט־זייגערל! זענען מיר נאָך, הייסט עס, ווייט צום „פּאַרצייטנס״...

דאָס אַראַבישע דאָרף, כפר ברעם (כפר בירים), ליגט ווייט פון אַ מענטשלעכן ישוב. ליגט איינגעבעט אין בראשיתדיקע שווייגנדיקע בערג, ווי אַ קינד אין ווייכע מוטערלעכע אָרעמס, צופוסנס, צווישן צוויי אַזוינע היכע בערג, געטיילט דורך אַ שמאָלער שלוכט, וואָס „רינט״ ווי אַ גרינער טייך, איז אָנגעקלאַפּט אַ שילד מיט דער אויפשריפט: „עצור — גבול!״ (בלייב שטיין — גרענעץ!) אין אייניקע שפּראַכן. פון דעסטוועגן קומט פאַר אַ לעבעדיקער פאַרקער פון דאַנען אַהין און פון דאָרט אַהער. יאַשטשערקעס און שלענגלעך מכל המינים מאַכן נישט קיין אונטערשיד צווישן „זייערע״ און אונדזערע היילן און פעלדזן־שפּאַלטן...

באַפליגלטע „אַריינדרינגלער" לאַכן זיך אויס פון גרענעצן און „געמישטע וואָפנשטילשטאַנד־קאָמיסיעס". אַ סך האָבן „דאָרט" זייערע נעסטן און קומען אַהער זוכן שפּייז אָדער פּאַרקערט.

ברעם איז אַ פאַרלאָזט דאָרף. אירע איינוווינער האָבן נישט פריי־וויליק פאַרלאָזט זייער שטילן גן־עדן. דער גורם פון זייער פאַרטרייבונג איז אויך דאָ געווען די שלאַנג, — די שלאַנג וואָס האָט אָנגערעדט צו מאָרד און שפּיאָנאַזש.

אַ טויטנשטילקייט הערשט אין ברעם. צווישן די האַלב־צעשטערטע הייזער זענען געבליבן וואַקסן אַלטע ברייט־שטאַמיקע געדיכט־צעצווייגטע ביימער. צייטיקע טרויבן־שטענגלעך הענגען אַראָפּ פון צווייגלעך. נישטאָ ווער ס׳זאָל זיי רייסן, זיי עסן. און אָט שטייען מיר פלוצעם פאַר אַ ברייטן שטח און דערזעען — דעם ציל פון אונדזער טיול: אָט איז זי, די באַקאַנטע שול, וועמענס בילד מ׳זעט אין אַלע יידישע ענציקלאָפּעדיעס און לעקסי־קאָנס; וואָס איז אויך פאָטאָגראַפירט אויף די נייע האַלבפונטיקע ישראל־באַנקנאָטן. די פראָנט־וואַנט איז כמעט גאַנץ געבליבן. איך באַטראַכט די שטיינערנע געוועלבטע איינגאַנג־טיר, די זיילן פון אַ צווייטער טיר וואָס האָט וואַרשיינלעך געפירט אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג. די ברייטע פענצטער־ראַמען פון די דאָזיקע שטיינבלאָקן, די אָרנאַמענטיק, די אויסגעקריצטע פאַרצי־רונגען און פיגורן אויף די זיילן. די שול שטאַמט פון 3־טן יאָרהונדערט נאָך דער צייט־רעכענונג. ס׳איז אַ רייך קאַפּיטל יידישע געשיכטע! עטלעכע יאָרצענדליק נאָכן דורכגעפאַלענעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד, נאָך די בלוטיקע רדיפות פון בקמה־דורשטיקן קייסער אַדריאַן. די רעשטן פון די שארית הפליטה זאַמלען זיך אין גליל. דאָ אַנטשטייט און בליט זיך פונאַנדער אַ יידיש לעבן, מיט נייע גייסטיקע צענטערן. אין גליל, אָט אין דער צייט, איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דאָס גרעסטע ווערק נאָכן תנ״ך — די משנה, וועמענס הויפּט־זאַמלער און רעדאַקטאָר ס׳איז געווען ר׳ יהודה הנשיא. דאָ בליט ווידער אויף דער סנהדרין, וואָס איז אין יבנה חרוב געוואָרן. די תקופה פון די תנאים און אמוראים, באַלויכטן פון אַזוינע גייסטיקע ריזן ווי שמעון בר־יוחאי און ר׳ יהודה הנשיא. פון אָט דער צייט שטאַמען די שול־חורבות און די הייליקע קברים פון בית־שאַן, מירון, צפורי, טבריה,

פּקיעין, ברעם און אַנד. איך פּיל אַ באַדערפעניש אַראָפּצוּוואַרפן די שיך פון די פיס און פאַלן אויף די קני אויף אָט דער הייליקער יידישער ערד.
1957

## בלויז פיר שעה פון תל־אביב

דאָס אויטאָ נעמט פליען אויפן גלאַט־אַספאַלטירטן וועג דרומדיק. שלינגט קילאָמעטערס, מיילן. ס'טויכן אויף שטעטלעך, דערפער, נייע שיכו־נים, פאַבריקן, יונגע וועלדלעך, גרינע זאַפטיקע פעלדער גלעטן דאָס אויג, דערפרישן דאָס געמיט. — ווו וואַסער דאָרט איז לעבן, דאָרט לעבט־אויף די ערד, לעבן און אָטעמען מענטש און חיה זאַנג און בוים. אויף אָט דער ערד זענען געשטאַנען שטעט און דערפער פאַר צוויי, דריי, פיר און פינף טויזנט יאָר, פונקט ווי היינט. פעלקער האָבן דאָ געאַקערט און געזייט, געבויט און געפלאַנצט, געוויינט און געלאַכט, און דאָרט ווו ס'האָט געפעלט דער לעבנס־עליקסיר — וואַסער, איז די ערד געווען אַן עקרה, האָט פאַרשלאָסן איר טראַכט. זענען פון אירע באַקן אַלע סימנים פון לעבן פאַרשוווּנדן. גע־קנייטשט און פאַרטרוקנט איז געוואָרן די הויט פון איר פנים און פון איר קאָפּ זענען די האָר אויסגעקראָכן...

ביסלעכווייז ווערן די ישובים אַלץ זעלטענער, די ערד — אַלץ נאַ־קעטער, גרויער, און אָט זענען שוין פאַרשוווּנדן אַלע מענטשלעכע סימנים. אַן־סופיקע זאַמד־און שטיינפלאַכן, שטיין־בערג און טרוקענע וואַדי־טעלער. ווו נישט ווו טויכט אויף אין אַזאַ טאָל אַן איינגעהויקערט שטויב־באַדעקט קאַרליק־ביימל אָדער אַ בינטל שטעכיקע גראָזן. און דאַן ווידער וויסטע גראָקייט. און פלוצעם... צי איז דאָס נישט קיין אָפּטישע טוישונג? קיין פאַטאַ־מאָרגאַנאַ? אַ פרויענגעשטאַלט, אינגאַנצן אין שוואַרצן, אַ פאַרשלייי־ערטע, שטייט אַ שלאַנקע, אַן אומבאַוועגלעכע. און נעבן איר פונקט אַזוי אומבאַוועגלעך אַ קעמל. צי איז דאָס נישט קיין פאַרשטיינט בילד פון אַברהם אָבינוס צייטן? נאָך עטלעכע מינוט פאָרן באַווייזן זיך עטלעכע לייוונטענע

געצעלטן. אַ סטאַדע שאָף. פערד. דאָס אויטאָ שטעלט זיך אָפּ. דער מדריך לערנט מיט אונדז אַ פּרשה געשיכטע, אַלטע און נייע. פּלוצעם וואַקסן אויס ווי פון אונטער דער ערד אַ כאָפּטע טונקלהויטיקע קליינע פּאַרזוינישן. די ברודיקע הענטלעך כאַפּן אויף די מטבעות און שפּייז וואָס די פּאַרער וואַרפן זיי צו. ס׳באַוויזט זיך אַ 16—17 יעריקע. אירע ווייסע ציין בליצן אַפיר פון צווישן אירע טונקעלע נעגראַ־ידע ליפּן. אַ גרויסער נאָז־רינג באַמבלט זיך איר אונטער דער נאָז... צי איז דאָס נישט קיין אור־אייניקל פון רבקה? און דער דאָזיקער נאָזרינג — איז דאָס נישט דער זעלבער „נזם הזהב" וואָס אליעזר האָט געבראַכט במתנה?

דאָס אויטאָ פאָרט ווייטער. און אָט ווינקען שוין פון ווייטן די אין אַ ים פון זונענליכט באַגאָסענע דעכער און קופּאָלן פון אַברהם אָבינוס שטאָט — דאָס וויגעלע פון יידישן שטאַם און יידישן גאָט... אין אַ גרויסן רעסטאָראַן פרישטיקן מיר. אויף דער גאַס כאַפּט אָן איינער פון אונדזערע מיטפאָרער, אַ יידישער שרייבער, אַ יידן און פרעגט אים צי ס׳איז נאָך ווייט קיין — פּדן־אַרם... דער ייד קוקט אים אָן מיט גרויסע איבערגעשראָ־קענע אויגן. אויך איך, וואָלט גערן געוואָלט זען פּדן אַרם, ווייל: זייענדיק אין באר־שבע האָב איך געזוכט דאָס באר־שבע פון די חדר־יאָרן און נישט געפונען. באר־שבע איז גאָרנישט באר־שבעדיק. די אוראייניקלעך פון אַברהם אָבינו רעדן פּויליש, רומעניש, אונגאַריש... טומלענדיקע גאַסן, קלייטן, רעסטאָראַנען, גאַזאָז־ און צייטונג־קיאָסקן. און פּלאַקאַטן אויף ווענט, וואָס רופן צו קינאָס, צו פּאַרטיי־קאָנפערענצן... איין פּלאַקאַט, וואָס האָט זיך אַממיינסטנס געוואָרפן אין די אויגן, האָט גערופן צו אַן אַזכרה פאַר — סטאַלינען...

מיר פאָרן ווייטער. און וואָס מער מיר דערווייטערן זיך פון היינ־טיקן באר־שבע, אַלץ נענטער קומען מיר צו דעם באר־שבע פון פאַרצייטן. ווי נאָנט ווערט דאָ דער חומש! מען פילט ממש זיין לעגענדאַרן אָטעם, פילט דעם אַראָמאַט פון יענעם פאַרצייטנס, ווען מלאכים האָבן אַראָפּגע־נידערט צו דער ערד, און מענטשן האָבן זיך דערהויבן צום הימל... יעדער שטיין איז אַ מזבח, יעדער באַרג — אַ סיני, יעדע הייל — אַ מקלט פאַר אַן אַנטלאָפענעם דוד...

די מדבר עפנט ברייט און ווייט אירע טויערן און שליסט דיך איין אין איר מלכות. און אַז דו פילסט אויף זיך ווייען דעם אָטעם פון פּרע־היסטאָריע, בייגן זיך דיינע קניען אונטערטעניק, ס׳ווייזט זיך דיר אויס ווי דו הערסט אַ שטים וואָס רופט דיר צו: וואַרף אַראָפּ די שיך פון דיינע פיס און טו תפילה...

מדבר! דו אור־ווילדע מאַיעסטעט! פאַר דיין עלטער האָט דער בן־אָדם נישט קיין ציפערן, פאַר דיין גרויסקייט נישט קיין מאָסן און נישט קיין אויסדרוק פאַר דיין ווילדער שיינקייט. ווי נישטיק און קליין זענען מיר אַנטקעגן דיר, דו אור־ריז! אין דיינע אויגן איז אַ מענטשן־עלטער — ווי דאָס לעבן פון דעם איין־טאָג־פליגעלע וואָס טאַנצט און פלאַטערט אין די זונענשטראַלן און שטאַרבט מיט זונפאַרגאַנג... דו האָסט געזען דעם מענטשן־מין אין אַלע זיינע פאַרוואַנדלענישן – ווען ער האָט געקלעטערט אויף ביימער, געהויזט אין היילן, און זעסט אים איצט מיט די זעלבע גראָ־קאַלטע אויגן, ווען ער שפּאַלט די וואָלקנס מיט זיינע שטאָלערנע אָדלער־פליגל... ראַסן און פעלקער, קולטורן און אימפּעריעס זענען פאַר דיינע אויגן געבוירן און גע־שטאָרבן. יאָרטויזנטער זענען פאַר דיר פאַרבייגעפלויגן ווי טשאַטעס וואַנ־דערפייגל...



סדום! ביסט דו עס טאַקע אויף אַן אמת? דו עקזיסטירסט? ביסט נישט קיין אויסגעטראַכט מעשהלע?... אַ סימן אָט זענען דאָך די זאַלץ־טויפנס. נישט נאָר לוטס ווייב. נאָר טויזנטער „לוטעכעס" זענען דאָ פאַרזאַלצט גע־וואָרן. די אַלע „טויפנס" האָבן זיך אין די יאָרטויזנטער צונויפגעשמאָלצן צו ריזיקע זאַלץ־בערג. זיי לויכטן און פינקלען אין זונענשיין ווי קרישטאָ־לענע פּאַלאַצן פון די ווונדער־מעשהלעך. און אָט איז דער באַרימטער ים־המלח, דער טויטער ים, וואָס פליסט אַ רויִקער אַ צעשמייכלטער מיט זיינע זילבער־כוואַליעס. נאָר זיין זילבער איז פאַלש און זיין שמייכל געמאַכט. יעדער טראָפּן פון זיין וואַסער טראָגט סם פאַר יעדן וואַסער־בעל־חי. און אויך די דאָזיקע ערד וואָלט געדאַרפט הייסן „טויטע ערד". אויף איר שפּראָצט נישט קיין גרעזל און נישט קיין בלעטל, אין איר זאַלץ־שויס

לעבט נישט קיין מוראַשקע, קיין וואָרעם, קיין שלאַנג. אויפן סדומער הימל פליט נישט קיין פויגל, קיין שמעטערלינג, קיין פליג. נאָר היישעריקן אויף זייער דורכרייזע צו וויטע תבואה־פעלדער שטעלן זיך אָפּט דאָ אָפּ. און פון וויטן (וואָס זעט אויס אַזוי נאָנט, ווי מיט דער האַנט צו דערלאַנגען) דער־הייבן זיך הויכע פעלדזן־בערג — די הרי אֱדום ומואָב. די זעלבע ווי אין צייטן פון תנ״ך. די זעלבע, נישט פאַרענדערט.

שטייענדיק אויף דער סדומער ערד, קומט מען צו דער מסקנה, אַז דער חומש האָט דאָ געמאַכט אַ קליינעם טעות: נישט דורכן רשעות פון די בני סדום איז סדום חרוב געוואָרן, נאָר דורך דער אַכזריות פון איר ערד. און באַקענענדיק זיך מיט די אַנשי־סדום, קומט מען צו דער צווייטער מסקנה: אַז דעם „גוטן" שם וואָס דער חומש האָט אַרויסגעלאָזט אויף די סדומער איז — כדי זיך נישט אַרויסצוכאַפּן מיט אַ נישט פאַסיקן אויס־דרוק — שטאַרק איבערגעטריבן! געניסנדיק פון דער סדומער גאַסט־פריינטשאַפט האָב איך געטראַכט: איך מזל האָט דער חומש־מחבר, וואָס אין זיין צייט האָט תל־אביב נאָך נישט עקזיסטירט, אַז נישט וואָלט מען אים געקענט חושד זיין, אַז ער האָט פאַרביטן די יוצרות...

אָט איז דאָס סדומער פאָלק, וואָס לעבט אין דער מדבר, ווייט פון קינאָ, טעאַטער, קאַפע; ווייט פון פאַרטייישן געטומל. זיי טוען נאָר איינס: שפּאַלטן בראשיתדיקע פעלדזן־בערג און פאַרשיטן בראשיתדיקע תהומען. זיי רייסן זיך אַריין אין די גראַניטענע איינגעווייידן פון מדבר־ריזן און פורעמען זיי אויס. צוויי יאָר דויערט שוין אָט דער געראַנגל צווישן מענטש און נאַטור־עלעמענט, און — דער אַספּאַלטירטער שאָסיי וואָס שלענגלט זיך שוין פון תל־ירוחם קיין סדום, איז דער נצחון־געזאַנג פונעם מענטש וואָס האָט באַזיגט די נאַטור.

1953

יצחק פאַנער

# די עפּל־סעדער פון אילת־השחר

אויף אונדזער עקסקורסיע איבער אַ ריי ערטער פון גליל העליון האָט זיך אונדזער אויטאָ אויך אָפּגעשטעלט אין קיבוץ אילת־השחר. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר האָבן זיך דאָ, גראָד דאָ, אויפגעהאַלטן ווייניקער ווי אין די אַנדערע פּונקטן פון אונדזער טיול. און אפשר האָט זיך מיר דאָס נאָר אַזוי געדאַכט, אפשר האָבן מיר דאָ נישט ווייניקער פאַרבראַכט ווי אין אַנדערע ערטער, נאָר דאָ איז אונדז די צייט שנעלער פאַרגאַנגען. סאַ־מעטענע זאַפטיק־גרינע גראָז־טעפּיכער זענען אויסגעשפּרייט געווען אונטער אונדזערע פיס ווי ביים קבלת־פּנים פאַר אַ מלך... די שלאַנקע ציפּרעסן־אַלייען, די פילקאָלירנדיקע שמעקעדיקע בלומען־בייטן און דער טיפער פרידן וואָס האָט דאָ געהערשט, האָט אונדז ווי פאַרשיכורט, געמאַכט פאַר־געסן די צייט.

און כדי דער כישוף זאָל נישט צערינען, ווערן די באַזוכער אַרויפגע־פירט אויף טרעפּ וואָס פירן צו אַ ווונדערלעכן פּאַלאַץ מיט פאַרביקע קינסט־לערישע פרעסקן אויף די ווענט, מיט עקזאָטישע בלומען און פלאַנצן אין די ווינקלען. דורך די ברייט־צעעפנטע פענצטער דרינגט אַריין די סווישטשעריי פון פייגל, וועלכע שפּרינגען פון בוים צו בוים. און ווען נישט די לאַנגע טישן און די פיל שטולן וואָס פאַראַטן, אַז דער דאָזיקער „פּאַלאַץ" איז בלויז דער קיבוצישער חדר־האוכל, וואָלטן מיר אין טראַנס פון כישוף אים גע־קענט האַלטן פאַר אַ לעגענדאַרן שלאָס פון אַ ווונדער־מעשהלע.

שטייענדיק אויף דער שיינער ריזיק־גרויסער טעראַסע פון אָט דעם „פּאַלאַץ" און אַראָפּקוקנדיק אויף דעם שטיל־כוואַליענדיקן גרינעם ים, האָסטו דאָס געפיל, אַז דו ביסט דורך אַ קפיצת־הדרך־ווונדער פאַרטראָגן געוואָרן ערגעץ אויף אַ גרינעם פרידלעכן אינדזל פון אַ ווייטן אָקעאַן.

דער אויטאָבוס פאָרט אַרויס פון שמאָלן קיבוצישן וועג און נעמט פליען איבערן ברייטן אַספאַלטירטן הויפּט־שאָסיי. פון ביידע זייטן ציִען

זיך שטחים מיט געדיכטעביימלעך, זיי מאַכן דעם איינדרוק פון יונגע וועלדלעך.

— דאָס זענען די עפּל־סעדער פון קיבוץ אילת־השחר — דערקלערט אונדז דער מדריך — די עפּל געהערן צו די בעסטע סאָרטן אין לאַנד.

איך קוק אויף די דאָזיקע ביימער, אָדער ריכטיקער — ביימלעך, וואָס האָבן אַלע איין הייך און איין ברייט און שטייען אויסגעשטעלט שורות־ווייז, אָפּגערוקט איינס פונעם צווייטן אין אַ גענויער גלייכער דיסטאַנץ, ווי זעלנער בעת אַ פּאַראַד־מאַרש...

די דאָזיקע גלייך־שורהדיקע ביימלעך (וועמענס צווייגלעך זענען אָנגעשפּיקעוועט מיט גרויסע צייטיקע עפּל) דערמאָנען אין קיבוצישע לול־הינער, וואָס האָבן אַלע איין אויסזען, איין פאַרב און לייגן טעגלעך אייער פון איין גרייס און איין וואָג...

יאָ, צווישן אָט די סעדער און די סעדער פון די אַמאָליקע אַלטע היימען איז פּונקט אַזאַ אונטערשיד ווי צווישן קיבוצישע „ראָבאָט־הינער" (אינקובאַטאָר־הינער) און די הינער וואָס זענען אויסגעוואַרעמט געוואָרן פון קוואָטשקע־מאַמעס, אויסגעכאָוועט געוואָרן אין פּויערישע הייפן.

ניין, די קיבוצישע סעדער דערמאָנען מיט גאָרנישט די סעדער פון די אַמאָליקע אַלטע היימען, ווו יעדער בוים איז געווען אַ וועלט פאַר זיך, מיט אַן אייגענעם פּנים, אַן אייגענעם כאַראַקטער און אַן אייגענער גע־שיכטע... ווו יעדער בוים איז זיך געוואַקסן אין דער ברייט און דער לענג פריי, ווי גאָט האָט געבאָטן, אָן די אַלע כעמישע מיטלען און תרופות פון די היינטיקע באָטאַניקער־דאָקטוירים און דאָך זענען זיי אויסגעוואָקסן הויכע, מיט ברייטע שטאַמען און טיפע וואָרצלען, אויסגעהאַלטן דונערן און בליצן און שטורעמס, און ביז דער טיפסטער עלטער געשפּייזט דאָס שטעטל מיט זייערע פּרוכטן.

איך גראָב מיך איין מיט די בליקן אין די דאָזיקע סעדער, וואָס רוקן זיך צוריק מיט דער זעלבער געשווינדקייט, מיט וועלכער אונדזער אויטאָ פליט פאָרויס. איך גאַר צו געפינען כאָטש אַ סימן פון אַן אַמאָליקן סאַדאָווניק, אַ שפּור פון אַ ביידל אָדער קאָליבע, ווו די סאַדאָווניקעס פלעגן נעכ־טיקן, היטן די סעדער פאַר גניבה.

מיטן טראַגישן אונטערגאַנג פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום איז אויך אונטערגעגאַנגען דער יידישער סאַדאָווניק. ער האָט זיך אויסגעשיידט פון די אַנדערע יידישע שטעטלדיקע פּראָפעסיעס דערמיט, וואָס דאָס דאָזיקע פאַך האָט געמוזט אויסגעאיבט ווערן מחוץ דעם שטעטל, אין דער פרייער נאַטור. אונטערן פרייען הימל, אין פויערישע אָדער פּריצישע גערטנער. איז זיין פּנים געווען געברוינט פון זון און ווינט און ס׳האָט פון אים געשמעקט מיט האַרבסטיקע צייטיקע פּרוכטן.

איז אָבער אַ חידוש, וואָס די עפּל וועלכע אָט די „לול־ביימער", „לייגן", זענען נישט ערגער (און אויב מיין גומען נאַרט מיך נישט — אַפילו בעסער) פון די עפּל וואָס די אַמאָליקע אַלטע „דערפּאַרענע" סאָד־ביימער האָבן אויסגעטראָגן. אַז דו גיסט אַ בייס אַריין אין אַזאַ עפּל, האָסטו אַ פול מויל מיט זיסע מחיהדיקע זאַפטן.

ווו זשע ליגט דער נמשל צום משל מיט די לול־הינער, וועמענס פליש ס׳האָט נישט קיין יידישן טעם? איך מיין אויב די דאָזיקע „ראָבאָט־ביימלעך" טראָגן אויס אַזעלכע גרויסע זאַפטיקע גאָלד־רענעטקעס, הינקט דאָך אינגאַנצן אונטער מיין פאַרגלייכן אָט די ביימלעך מיט לול־הינער. איז דער תירוץ: הלמאי אַ סך זאַכן ביי אונדז אין לאַנד הינקען שטאַרק אונטער, און דאָך גייט אַלץ זיין זיכערן און גלייכן וועג...

# די ראשונים

איך פרעג זיך נישט איינמאָל די פראַגע: פאַרוואָס ווערן ביי אונדז אַלטע הייזער נישט באַהאַנדלט מיט דעם זעלבן דרך־ארץ און אַכטונג ווי מען באַהאַנדלט אַלטע לייט? מיט וואָס זענען די פאַרדינסטן פון די הייזער־ראשונים קלענערע ווי די פאַרדינסטן פון די מענטשן־ראשונים, מיט וועלכע מען צאַצקעט זיך ביי יעדער געלעגנהייט. קומט אַ יובל פון אַ מושבה, אַ קיבוץ, אַ שטעטל אָדער געמיינדע, זיצן זיי, די זקנים, אויבן אָן, צווישן די גרויסע שישקעס. מען ווייזט אויף זיי אָן, מען קאַרגט נישט קיין שבחים, מען טיילט אויסצייכענונגען. אַ קלייניקייט — די ראשונים! דער ערשטער שומר, דער ערשטער סאַניטאַר, דער ערשטער גימנאַזיע־פּראָפעסאָר, דער ערשטער פּועל, דער ערשטער...

ווען מען זאָל ביי אַזעלכע פייערלעכע געלעגנהייטן ווען באַערן אויך אונדזערע הייזער־ראשונים, אָנווייזן אויף יעדן אַלטן הייזל און צריפל אין גאַנצן לאַנד, אויסרעכענען דעם יחוס און דעם פאַרדינסט פון יעדן באַזונדער, — וואָלט מען נישט פאַרטיק געוואָרן מיט די פייערונגען.

אויף שריט און טריט באַגעגענען מיר זיי, אָט די שטומע „ראשו־נים". אין די דערפער, אין די שטעטלעך, אין די שטעט.

אָט איז אַ גרויסשטאָטישע טומלענדיקע גאַס מיט אַ שורה נייע 4—5־שטאָקיקע הייזער. און פּלוצעם ווערט אַזאַ שורה אין מיטן דעריבער איבערגעריסן דורך אַ קליין הייזעלע, וואָס זיינע האַלב־פוילע הילצערנע ווענטלעך שטעקן מער אין דער ערד ווי איבער איר... דער באַזיצער פון דער דאָזיקער „ווילע" האָט זיך וואַרשיינלעך נישט געקענט אויסגלייכן מיט דער בוי־געזעלשאַפט, אָדער אפשר איז ער שוין טויט און זיינע יורשים לעבן אין אויסלאַנד, און עס איז נישטאָ מיט וועמען צו רעדן.

שטייט דאָס אַלטע כאַטקעלע צווישן די הויכע מאָדערנע בנינים ווי אַן איינגעשרומפּן, איינגעהויקערט באָבעלע צווישן אויסגעוואָקסענע גע־זונטע אייניקלעך...

אַזעלכע „זיידעלעך" און „באָבעלעך", וואָס לעבן צווישן „אייניק־לעך" איז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין. טאָקע אייגענע, און דאָך פרעמדע, נאָענטע און דאָך ווייטע. נישטאָ דאָס מינדעסטע פאַרשטענדעניש, דער מינדעסטער קאָנטאַקט צווישן זיי. לעבן זיי, די זקנים, איינזאַמע און עלנטע.

אַנדערש איז ווען מען טרעפט אָן אַ גאַנצע „געמיינדע" פון אַזעלכע זקנים. אַן אָפּגעשלאָסענע שכונה פון לויטער „ראשונים". אָ, דעמאָלט זענען זיי צווישן זיך, לעבן זייער אייגן לעבן לויט די אַלטע היימישע טראַדיציעס... דעמאָלט הערן זיי די גאַנצע נייע, טומלענדיקע וועלט פון אַרום ווי המן דעם גרעגער.

אַזאַ זקנים־קאָלאָניע ליגט — אַ האַלבע מינוט אויטאָ־וועג פון כיכר דיזנגוף. דאָס „שטעטל" ליגט אָפּגעזונדערט פאַר זיך אַליין און מאַכט זיך נישט וויסנדיק, וואָס כמעט פאַר איר נאָז שפּריצט אַ זילבערנער פאָנטאַן און די ראַפינירטסטע ליכט־רעקלאַמעס אין אַלע כישוף־פאַרבן פאַרוואַנדלען די נאַכט אין העלן טאָג; און בנינים מיט די שענסטע, רייכסטע און מאָדערנסטע געשעפטן, קינאָס, קאַפע־הייזער און רעסטאָ־ראַנען שטייען געאָרעמט ווי אין אַ קאַראַהאָד־טאַנץ; און אויטאָס מכל המינים רוישן און זידן און רוען נישט טאָג און נאַכט ווי דער סמבטיון — אַפילו נישט אין די שבתים.

שטייסטו פאַר אָט דעם „שטעטעלע", באַטראַכטסט די שמאָלע סטעזש־קעלעך, די קרומע געסלעך, די נידעריקע הילצערנע הייזלעך, וואָס שטייען צעוואָרפן אָן אַ סדר, — שטייסט און קוקסט, קוקסט, און פּילסט, אַז אָט דאָס „שטעטל" קומט דיר עפּעס באַקאַנט פאָר. פון וואַנען? ווי אַזוי? און פּלוצעם דערמאָנסטו זיך, דערקענסט עס: דאָס איז דאָך זלאָדייעווקע! שלום עליכמס זלאָדאַייעווקע! און דו האָסט דאָס געפיל, אַז יעדע רגע וועט זיך פון איינעם פון אָט די כאַטקעלעך באַווייזן אונדזער אַלטער באַ־קאַנטער שמעון־עליע „שמע־קולנו", דאָס פּאַרכישופטע שניידערל. ער וועט זיך לאָזן גיין אין דעם שכנישן שטעטל קאָזאָדאָיעווקע פון וואַנען ער וועט דאָס אַהיימברענגען יענע אומגליקלעכע פאַרשאָלטענע בהמה, וואָס אין קאָזאָדאַיעווקע, איז זי אַ ציג און אין זלאָדאַייעווקע ווערט זי אַ צאַפּ...

יאָ, עס איז זלאָדאַייעווקע, וואָס איז דאָ, אַ האַלבע מינוט אויטאָבוס־וועג פון כיכר דיזנגוף און פון דעם אַ־לאַ־פּאַריז קינאָ „תל־אביב" — אויפגעשטאַנען תחית המתים. די זעלבע געסלעך, די זעלבע האַלבפוילע איינגעשרומפּענע הייזלעך, די זעלבע שטיבלעך, וואָס אַ העכערער מענטש מוז זיך איינבייגן, כדי זיך נישט צו צעקלאַפּן דעם קאָפּ אָן דער סטעליע.

נאָר ווען די איינוווינער וואָלטן געהאַט אַ ביסל מער געשמאַק, וואָלטן זיי געדאַרפט אָפּמאָנטירן די עלקטריע פון זייערע כאַטקעלעך און איינפירן נאַפט־לעמפּלעך מיט 3־ער גלעזלעך...

פאַר „זלאָדאַייעווקע" פּאַסן זיך אויך נישט קיין באַלאַטן־פּאָלן. די דאָזיקע שטיבלעך וואָלטן אַ סך געווינען, ווען די פּאָלן זענען — ערדענע, און ווערן יעדן שבת פון די ווייבער אויסגעשמירט מיט אויפגעלייזטן ליים און איבערגעשיט מיט זאַמד...

מיר זענען אָבער שטאַרק מסופק צי די איינוווינער וואָלטן איינגע־גאַנגען אויף אונדזערע אָנווייזונגען. אַ שאָד. אַזוי פאַרלירט דאָס „שטעטל" אַ סך פון איר „סטיל"...

אַקעגן דעם וואָס ביי אונדז ווערן די הייזער־ראשונים נישט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט. אָט זענען נישט לאַנג ביי אונדז פאַרגעקומען צוויי גרויסע היסטאָרישע פייערונגען: דער פופציקסטער געבוירנטאָג פון תל־אָביב און דער הונדערטסטער געבוירנטאָג פון שלום עליכם. ביי דעם ערשטן יובל וואָלטן אונדזערע הייזער־זקנים על פּי שכל און על פּי יושר געדאַרפט פאַרנעמען דעם סאַמע אויבן אָן. יעדעס האַלב־חרובע אַלטע הייזל האָט מען אויף יענער גרויסער שמחה געדאַרפט דעקאָרירן מיט דעם שטאָט־עמבלעם. אויף יעדן האַלב־פוילן דעכל האָט געדאַרפט פלאַטערן די נאַציאָנאַלע פאָן. ווייל ווער וואָלט נאָך אַזוי פּלאַסטיש, אַזוי בולט געקענט דעמאָנסטרירן דעם נס פון פופציק יאָר תל־אָביב — ווי אָט די האַלב־איינגעפאַלענע הילצערנע הייזלעך?...

היינט וואָסער גרויסע ראָל האָט ניי־זלאָדייעווקע געקענט שפּילן בעת די שלום עליכם־פייערונגען! מיר האָבן פאַרפאַסט אַזעלכע זעלטענע געלעגנהייטן!

און איצט רעדט מען, אַז מען גייט צעשטערן „זלאָדייעווקע". מען

וועט צענעמען די הייזלעך פון שמעון־עליעס שטעטל און אויף דעם פּלאַץ וועט מען בויען 6 און 8 שטאָקיקע בנינים מיט גרויסע געשעפטס־לאָקאַלן, מיט קינאָס, רעסטאָראַנען, קאַפעען.

אויף טייל ערטער הייבט מען שוין אָן אַפּלייגן פאַרשידענע בוי־מאַטעריאַלן.

— באַרבאַרן !...

1962

# דער שיכון פון אליהו הנביא

אין וועלכן יאָר אליהו הנביא האָט באַקומען זיין „שיכון" אויפן כרמל, און פון וועמען ער האָט אים באַקומען, האָב איך ביז היינט נאָך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט נאָכצופאָרשן. איינס אָבער איז זיכער: אַז פון דער סוכנות האָט ער אים נישט באַקומען. די „וווינונג" איז שוין דאָ געשטאַנען ווען ס׳איז נאָך אויף דער וועלט קיין סוכנות נישט געווען. אליהו הנביא האָט שוין זיין „שיכון" געהאַט אויפן כרמל אין יענער צייט, ווען די יידישע שטעט און שטעטלעך אין מזרח־איראָפּע האָבן נאָך עק־זיסטירט; ווען דאָס יידישע לעבן אין פּוילן, ליטע, רוסלאַנד, רומעניע האָט נאָך געברויזט און פּולסירט; ווען יידישע נויט און אָרעמקייט איז נאָך געשטאַנען אין שענסטער און פולסטער בליאונג...

פרעגט זיך: צוליב וואָס האָט מען אין יענע יאָרן געדאַרפט אויס־בויען פאַר אונדזער אליהו הנביא אַ דירה דאָ, אין ארץ־ישראל, וויסנדיק אַז ער נייטיקט זיך גאָרנישט אין איר, אַז ער וועט די וווינונג סיי ווי נישט באַניצן, שוין דערפאַר וויל ער קלערט גאָרנישט עולה צו זיין... קלערט נישט? ניין, געקלערט וואָלט ער אפשר יאָ, נאָר ער האָט נישט געטאָרט קלערן וועגן דעם. ווי האָט ער געקענט איבערלאָזן מיליאָנען יידן אויף הפקר, אויף גאָטס באַראָט און אַליין אַנטלויפן אין זיין אַלטער פאַרצייטיקער היים? וואָס וואָלטן געטאָן די אָרעמע יידישע כלה־מיידלעך,

די יידישע אָרעמע אַלמנות און יתומים, וואָס וואָלטן געטאָן די פרירנדיקע הונגעריקע קינדער פון די פינצטערע נאַסע קעלער־שטובן, — וואָס וואָלט געטאָן דער יידישער דלות אָן אליהו הנביא? און ווי וואָלט מען געקענט אויסהאַלטן די אַלע רדיפות, גזירות, בלבולים, פּאָגראָמען, דערנידערי־קונגען און באַליידיקונגען ווען אליהו הנביא וואָלט דערביי נישט געווען?

אין פאַרשידענע געשטאַלטן און מאַסקעס האָט ער זיך באַוויזן אין יידישע הייזער, אויף די מערק, אויף יאַרידן, כדי צו העלפן יידן אין אַלע נויטן. נישט געווען קיין שטעטל אין וועלכן אליהו הנביא זאָל געווען פאַרגעסן.

נישטאָ מער יענע יידישע שטעט און שטעטלעך. זיי זענען אַלע גע־וואָרן פאַרלענדט פון עמלקס רוצחישע הענט. וואָס זשע טוט נאָך דאָרט אליהו הנביא? אַז עס זענען דאָרט מער נישטאָ קיין יידישע חדר־יינגלעך וואָס האָבן נישט צו צאָלן קיין שכר־לימוד; קיין אָרעמע יתומות וואָס האָבן נישט קיין נדן; קיין בית־המדרש־לערנערס, וואָס האָבן נישט אויף שבת — אַז זיי אַלע זענען מער נישטאָ, וואָלט ער דאָך געדאַרפט קומען צו אונדז, אונדזער היימיש־טייערער אליהו הנביא. ניין, ער קען נישט, קען נאָך אַלץ נישט. כל־זמן עס וויינט נאָך דאָרט אויס זיין וויטיק צום יידישן גאָט אַן איינזאַמער ייד; כל־זמן יידן זענען נאָך „ספּעקולאַנטן", „שפּיאָנען", „שונאים פון פאָלק"; כל־זמן אַ ייד שרייט נאָך ערגעץ אויס אין דער נאַכט פון פסח זיין „שפוך חמותך על הגויים" — מוז ער נאָך זיין דערביי, קען ער נאָך נישט קומען.



יעדעס מאָל ווען איך פאָר קיין חיפה און פאָר פאַרביי די „מערת אליהו", באַשליס איך די הייל צו באַזוכן, און יעדעס מאָל ווערט דערפון גאָרנישט. און אַז איך פלעג מיך אַליין פרעגן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, האָב איך געמוזט פעסטשטעלן אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל עס ציט מיך נישט אַהין. איך האָב געפילט אַז אין דער הייל פון אליהו הנביא וועל איך אליהו הנביא נישט געפינען... אַז זיין „וווינונג" איז אין דער צייט פון זיין לאַנגער אָפּוועזנהייט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע, פון פרעמדע...

מער אויס נייגעריקייט ווי געטריבן פון אַן אינערלעכן געפיל האָב איך ענדלעך מיך געלאָזט גיין אַהין. איך בין אַרויף אויף די פיל שטיי־נערנע טרעפּ. אויבן, פאַר דער הייל — אַ ברייטער הויף, פול מיט „חסידים" — אַראַבישע מוזולמענער, דרוזן, מיט לאַנגע ווייסע „שלייערס" און שוואַרצע רינגען אויף די קעפּ, מיט פּעקלעך און בינטלעך זיצן און ליגן פאַרן איינגאַנג. אינעווייניק אין דער ערשטער הייל — דרייען זיך אַרום אַראַבער און דרוזן ווי ביי זיך אין דער היים. אין דער צווייטער, קלענערער הייל שטייט אַ שוואַרץ־געקליידעטע אַראַבערקע, זי פאַלט יעדעס מאָל צו דער ערד און קושט זי, הייבט זיך אויף, בוקט זיך, איין מאָל און נאָך אַ מאָל טיף צו דער ערד, שעפּטשענדיק דערביי עפּעס אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער.

די שטיינערנע ווענט און דער געוועלבטער סופיט פון דער הייל זענען שוואַרץ פון די רויכן, פון די מיליאָנען ליכטער וואָס האָבן שוין דאָ אויסגעברענט. אַראַבער און דרוזן קומען מיט זייערע ווייבער און קליינע קינדער. מען קומט מיט קראַנקע, מ'קומט אין יעדער עת־צרה און מען זיצט דאָ אָפּ טעג און נישט זעלטן — וואָכן.

אין אַ ווינקל פון דער הייל זיצט אַ תימנער ייד מיט אַ קליין שיטער בערדל נעבן אַ קליינעם אָרון קודש מיט אַ פּרוכתל. נישט ווייט פון אים — אַ פּליושענע שטול מיט אַ קרוין (דאָס איז אליהו הנביאס שטול און קרוין, וועלכע ער האָט דאָ צוריקגעלאָזט ווען ער איז אַוועק אין גלות...)

דאָס יידל זיצט אין ווינקל ווי אַן אורח אויף אַ פרעמדער שמחה. ווי אַ ייד צווישן גויים...

איך פאַרלאָז די הייל פון אליהו הנביא מיט אַ געפיל ווי איך וואַלט באַזוכט אַ מקדש פון עפּעס אַ פרעמדער היידנישער סעקטע.

ניין, אונדזער „עליע־נאָווי" איז נאָך דאָ נישטאָ. ער איז נאָך „דאָרט". און הלוואי זאָל עס דאָרט שוין אַזוי ווייט האַלטן, אַז ער זאָל קענען עולה זיין...

# די שוטרת

דאַכט זיך, אַז אין קיין שום לאַנד און ביי קיין שום פאָלק האָט די עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי נישט דערגרייכט אַזעלכע גינסטיקע רע־זולטאַטן, ווי דווקא אין דעם לאַנד און ביי דעם פאָלק, וווּ דער פסוק „והוא ימשל בה” איז אַנטשטאַנען און איז יאָרטויזנטער אָפּגעהיט געוואָרן פון די מאַנסבילן ווי אַ הייליק געבאָט...

נאָר אויב דער רבונו של עולם האָט מיט אָט דעם געבאָט געמיינט צו פאַרשעלטן חוהן, האָט ער, זאָל ער מיר מוחל זיין, געהאַט אַ גרויסן טועת. נישט ווי אַ קללה האָט חוה אויפגענומען דעם „והוא ימשל בה”, נאָר אַדרבא, ווי אַ ברכה, צוגעשניטן און צוגעמאָסטן צו איר נאַטור און כאַראַקטער. חוהס נאַטור וויל דווקא, אַז דער מאַן זאָל איבער איר הערשן, ווי עס הערשט אַ פאָטער איבער אַ קינד, ווי עס הערשט און באַשיצט דער שטאַרקערער דעם שוואַכערן און שוצלאָזן.

האָט חוה יאָרטויזנטער געטראָגן אויף אירע אַקסלען גאָטס „קללה” און — הלוואי אָן איר שאָדן אויף די היינטיקע חוהס געזאָגט געוואָרן. היינט איז די פרוי שוין לאַנג פריי פון יענער והוא ימשל־שקלאַפעריי, זי האָט שוין לאַנג אויסגעקעמפט אַלע רעכט, אַפילו מער וויפל זי האָט אַליין געוואָלט. נאָר אַזוי איז שוין דער כלל פון יעדער באַוועגונג, וואָס קעמפט פאַר אַ „ליכטיקערן מאָרגן”. קוים ווערט דער מאָרגן אַ טאָג־טעגלעכער היינט, זעט מען, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי ליכטיק...

אַ פרוי אין מענער־הויזן געהערט היינט צו די נאַטירלעכסטע זאַכן אין דער וועלט. אָבער די ערשטע פרוי, וואָס האָט זיך באַוויזן אין גאַס אין לאַנגע הויזן איז געווען אַ מאַרטירערין. איז געגאַנגען אויף קידוש השם פאַר דער הייליקער זאַך... אַז דער ווילדער המון איז זי איבערגעפאַלן מיט העק און אייזנס, איז זי זיכער געשטאַנען אַ רויקע, אַ שטאָלצע, און מיט דעם אויסרוף: זאָל לעבן די פרוי אין מענער־הויזן! איז זי געשטאָרבן מיט אַ העלדן־טויט...

אָט אַזוי האָבן די באָבעס און עלטער־באָבעס פון דער פרויען־באַוועגונג געקעמפט פאַר דעם באַחרית־הימים, ווען די פרוי וועט פראַנק און פריי קענען גיין אין קורצע האָר און לאַנגע הויזן, רייכערן פאַפּיראָסן, מאַכן אַ כוסה און פאַרנעמען די זעלבע פּראָפעסיעס ווי די מאַנסבילן.

נו, איז ער געקומען, דער אויסגעחלומטער טאָג, נאָר קיין גרויסע שינויים האָט ער נישט געבראַכט. ס'איז די זעלבע פרוי, נאָר אַנדערש געשלייערט.

האָט די פרוי געירשנט פון איר שטאַם־מוטער דאָס „אייביק ווייבלעכע", וועט זי פון איר נאַטור נישט אַנטלויפן, מעג זי טראָגן מענערישע מלבושים און אויסאיבן מענערישע פּראָפעסיעס.

אַקעגן דעם, וואָס אין דער קליינער יידישער מדינה האָט די פרוי באַקומען מער רעכט וויפל זי האָט אַליין פאַרלאַנגט.

און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך ביי אונדז שוין צוגעוווינט צום ווייבלעכן סאָלדאַטן־מונדיר, איז שוין פאַר אונדז מער נישט געווען קיין גרויסע איבערראַשונג דער ווייבלעכער פּאָליציי־מונדיר, די יידישע פּאָליציאַנטקעס, וואָס האָבן זיך לעצטנס אָנגעהויבן באַווייזן אויף אונדזערע גאַסן.

יאָ, צו די מונדירן פון די פּאָליציאַנטקעס האָבן מיר זיך שוין צוגעוווינט, אָבער נאָך נישט צו דער אויסאיבונג פון זייערע פּאָליצייִשע פונקציעס.

נישט איין מאָל בלייבן מענטשן שטיין און קוקן זיך צו מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן ווי אַ יונגע שוטרת אין איר געפּאַסטן מונדיר און דעם ווייסשוואַרצן היטעלע, וואָס ליגט שיף אויף איר שפּיץ קאָפּ — שטייט אויף אַ טומלענדיקער רוישנדיקער גאַס און מיט איין הייב פון איר הענטל שטעלט זי אָפּ גאַנצע אויטאָ־קאַראַוואַנעס, בעת מיט אַ צייכן פון איר צווייטן הענטל באַפעלט זי די שטייענדע קאַראַוואַנע פון דער צווייטער גאַס — צו פאָרן.

אָט האָב איך אַנומלט בייגעוווינט אַ סצענקעלע, וואָס האָט געצויגן נישט נאָר מיין אייגענע אויפמערקזאַמקייט, נאָר אויך צוגעצויגן אַ גרויסן צושויער־עולם, וואָס האָט מיט גרויס אינטערעס און הנאה בייגעוווינט אַ ספּעקטאַקל, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּילט אין סאַמע קאָכעדיקן ווינקל: מוגראַבי—בן־יהודה.

אַ בחור אויף אַ מאָטאָציקל האָט עובר געווען אויף די פּאָליציילעכע

פאַרקער־פאַרשריפטן און האָט פאַרדינט אַ „ראַפּאָרט". וואָלט דאָס געווען פון די טאָג־טעגלעכע זאַכן, און קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן צו פאַר־לירן קיין איין מינוט צייט און זיך אָפּשטעלן, ווען נישט דאָס, וואָס אָנשטאָט אַ שוטער זאָל אַ שוטרת אויפטרעטן אויף דער סצענע, און מאַכן דעם בחור דעם ראַפּאָרט. און נאָך עפּעס האָט דאָ פאַראינטריגירט: דער בחור איז געווען אַ יונגער, מיט אַ מענלעכן געזונטן נאַקן און פעסטע אָרעמס. און די שוטרת איז געווען — אין קעגנזאַץ צו די מיינסטע פאַרקער־פּאָליציאַנט־קעס, וואָס מ׳זעט אויף אונדזערע גאַסן — אַ מיידל הויל חן, מיט אַ בלאַס־לעך־גרינלעכער הויט־פאַרב און שוואַרצע סאַמעטענע אויגן, וואָס האָבן זיך די גרעסטע מי געגעבן צו קוקן אַמטלעך־שטרענג...

דער בחור, דערזעענדיק ווי די שוטרת נעמט אַרויס דאָס פּאַפּיר צו שרייבן דעם ראַפּאָרט, האָט קודם געגומען שמייכלען מיט יענעם שמייכל, וואָס באַווייזט זיך געווײנלעך אויף די ליפּן, ווען מ׳איז מיט עפּעס נישט זיכער צי ס׳איז ערנסט, צי בלויז אַ שפּאַס. נאָר זעענדיק ווי דאָס יונגע שיינע מיידל אין פּאָליציייִשן מונדיר ציט אויף זיך אַרויף אַן אַמטלעכע מינע, האָט זיך אַן אַנדער שמייכל באַוויזן אויף זיינע ליפּן: אַ געמיש פון לייכטן גוטמוטיקן שפּאָט און מענלעכע איבערלעגנהייט. דאָס זעלבסט־באַוווסטע שמייכל פונעם שטאַרקערן.

אויסערלעך איז אַלץ צוגעגאַנגען פאַרשריפטמעסיק. דאָס מיידל האָט געשטעלט פראַגן, באַטירט, און דער בחור האָט געענטפערט. נאָר „אונטער־ערדיש" איז פאָרגעקומען אַן אַנדערער „דיאַלאָג" צווישן ביידע. אַ שטומער פאַרמעסט, אַ געראַנגל צווישן דעם „והוא ימשל" און דעם „והיא תמשל"...

און אַז דער בחור האָט צוריק באַקומען פון דער שוטרת זיין דאָ־קומענט, האָט ער געפילט, אַז די שלאַכט האָט ער געוווּנען... און זיצנדיק שוין אויפן מאָטאָציקל ווייטער צו פאָרן, האָט ער האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט געזאָגט:

— איך האָף זיך מיט אייך באַלד ווידער צו טרעפן...

— גיט אַכטונג! צום צווייטן מאָל וועט דאָס אייך טייערער קאָסטן! — האָט די שוטרת אים געדראָט מיטן פינגער און זיך צעלאַכט מיט אַ גע־לעכטערל, וואָס האָט ווייניק כבוד געבראַכט איר פּאָליציייִשן מונדיר...

# דוד מלך ישראל חי וקיים!

דאָס שמאָלע געסל וואָס פירט צום הר־ציון איז פול מיט אויטאָס, וואָס ברענגען און פירן צוריק עולי־רגלניקעס. טאַקסיס — „ספעשלס״ און פריוואַטע אויטאָס. דאָס זענען די היימישע טוריסטן, אַזעלכע וואָס קענען זיך פאַרגינען עולה רגל צו זיין — פאַרנדיק... די אָרעמערע און באַזונדערס די פרומע זענען טאַקע עולה רגל לויטן דין: צופוס. נאָר אַרויף, אויפן באַרג מוזן שוין אַלע אָן אויסנאַם גיין, אָרעם און רייך, יונג און אַלט, געזונטע און שוואַכע. אַרויף פירט שוין נישט קיין וועג, נאָר — טרעפּ. גאַנצע 150 שטיינטרעפּ. כמעט אויף יעדער טרעפּל שטייען אָרעמעלייט פון „פאַך״, מיט פושקעס און טעצלעך אין די הענט און ווינטשן יעדן פאַרבייגייער אַ „געזונט יאָר״ און אַ „גמר חתימה טובה״. און וועלכער ייד וועט דאָס האָבן דאָס האַרץ אַריינצוכאַפּן אַזעלכע צוויי טייערע ברכות און נישט וועלן באַצאָלן פאַר זיי? בפרט נאָך אין די טעג פאַר הושענא רבא, ווען דאָס קוויטל האָט נאָך נישט די אונטערשריפט פון דער לעצטער אינסטאַנץ און אין דער סאַמע לעצטער רגע קענען נאָך פאָרקומען ראַדיקאַלע ענדערונגען...

מוז מען טאַקע, איידער מ׳לאָזט זיך אַרויף אין וועג, אויסבייטן עט־לעכע פונט אויף קליינגעלט, אָננעמען אַ זשמעניע מטבעות און טיילן פון רעכטס און פון לינקס. אַזוי אויף די טרעפּ און אַזוי אָנקומענדיק אויבן. נאָר אויבן קומט מען שוין נישט אָפּ אַזוי וואָלוול. אויבן זיצן שוין יידן ביי טישלעך און שטעלן דיר אויס „אַמטלעכע״ קבלות אויף די שפּענדונגען פאַר פאַרשידענע הייליקע צוועקן, וואָס באַשטייען שוין נישט אין גראָשנס, נאָר אין פּאַפּיר געלט.

אָפּגעפּאַרטיקט דעם „פינאַנציעלן״ טייל, הייבסטו זיך אָן אומצוקוקן, וווּ אַהין צו גיין. ווען נישט די פּיל שילדלעך ביי יעדן טירל, וואָלסטו אין די לאַבירינטישע קאַטאַקאָמבן זיך געקענט אַזוי פאַרפּלאָנטערן, אַז דו וואָלסט שוין קיין מאָל נישט אַרויס פון דאַנען... אַ חוץ דעם איז דער „אונדזער״ און דער „זייער״ דאָ צונויפגעוואַקסן ווי אַ סיאַמער צווילינג, און דו האָסט

מורא אַליין אַ שפּאַן צו טאָן... אָט איז אַ מויער, אונטן זענען קעלעראַרטיקע שטיבער, און אויבן, אויף דער מויער זיצן ירדנישע לעגיאָנערן און באַאָבאַכטן אונדזער יעדע באַוועגונג. ביי יעדן שפּאַן וואָס דו טוסט, מוזטו פרעגן ווו דו ביסט — ביי אונדז אָדער ביי זיי...

יידן פון דער גאָרער וועלט, ווייסע, שוואַרצע, ברוינע. יידן מיט שטריימלעך און זשופּעצעס און יידן מיט טורבאַנעס און ווייסע אַראַבישע כאַלאַטן, יידן מיט קאַפּעליושן, יונגע „מזרחי"־בחורים מיט געשטריקטע יאַרמולקעלעך אויף די בלויזע קעפּ... און בחורים מיט פאות ביז צו די גאַרטלען און לאַנגע כאַלאַטן. אַ שוואַרצע „בני־ישראל" פרוי מיט אַ ברייט געפּאַלדעוועט קלייד, מיט לאַנגע צעלאָזטע האָר פון אונטער אַ פאַרביקן טורבאַן, בוקט זיך כסדר און קושט די גראַטעס פון דער אייזערנער פאַרצוימונג וואָס טיילט אָפּ די באַזוכער פון דוד המלכס קבר. פאַרן קבר ברענען ליכט. אויף דער ערד ליגן הויפנס מטבעות, פונטן, פינפערלעך און צענערלעך. אויבן איבערן קבר זענען אויסגעשטעלט קעניגלעכע עמבלעמען און דודס קרוין... ווער ס'איז אַ מאַמין פרעגט נישט קיין קשיות, גלייבט, אַז די דאָזיקע קרוין האָט דוד המלך געטראָגן מיט דריי טויזנט יאָר צוריק... די אינדישע פרוי גלייבט דאָס. נאָך יעדן בוקן זיך וואַרפט זי אַריבער איבער די גראַטעס אַ מטבע. איר פּנים איז פאַרגייסטיקט.

ביים אַרויסגיין פון דאַנען נעמען זי אויף יידן וואָס מאַכן „אל מלא רחמימס". זי שטייט און שלינגט יעדעס וואָרט פונעם אַשכנזישן לשון קודש וואָס איז איר פּונקט אַזוי פאַרשטענדלעך ווי דעם לאַדזשער (אָדער ביאַליסטאָקער) יידן — איר אינדיש...

אַ גרויסע סוכה, און וויטער, אויף אַ צווייטן פּלאַץ, ווידער איינע. ביי לאַנגע טישן זיצן יידן פון טעהעראַן און פון וואַרשע, פון קאָטשין און ווילנע, פון סיגעט און קאַזאַבלאַנק, פון תימן און בודאַפּעשט און זיי פּראַווען אַ געמיינזאַמע סעודה. נישט דער שטאַרקער חמסין פון טאָג און נישט די כסדרדיקע סכנה פון שונא וואָס לויערט איבער די קעפּ, האָט זיי אָפּגעהאַלטן מקיים צו זיין די מצווה פון עסן אין סוכה אויפן הייליקן באַרג.

דוד מלך ישראל חי וקיים — דער דאָזיקער פּסוק איז מיט גאָלדענע אותיות אויסגעקריצט איבערן קבר פון דודן.

יצחק פאַנער

יאָ, ער לעבט, ער לעבט, דער אַלטער מלך דוד, אַ סימן אַז ער האָט צונויפגעפירט די איבער דעם גאַנצן ערד־קיילעך צעזייטע און צעשפרייטע שבטים און זיי אָוועקגעזעצט ביי איין טיש.

צי וואָלט דאָס דען מעגלעך געווען, ווען ער וואָלט נישט געלעבט?...

1954

# דאָס געוויין אין דער נאַכט

(זכרונות פון אַן עולה חדש)

איך בין געקומען אין לאַנד אַריין אין יענער צייט, ווען מ'האָט נאָך ביי אונדז קיין שיכונים נישט געגעבן, נאָר מ'האָט זיי זיך אַליין גענומען: איבעראַל זענען געשטאַנען ליידיקע אַראַבישע הייזער, און ווער עס האָט געהאַט מזל, (ריכטיקער: שטאַרקע אָרעמס און פלינקע פיס) האָט געקענט פאַרכאַפּן אַ לוקסוס־דירה אין סאַמע צענטער פון יפו אָדער חיפה. אַזוי ווי אָבער איך האָב נישט קיין איינע פון די ביידע מעלות, איז אויף מיר אויסגע־פאַלן דער גורל צו פאַרכאַפּן אַן אַראַבישע שטוב וואָס איז געלעגן אָפּגעזונ־דערט, אָפּגערוקט פון אַן אַראַביש דערפל (וואָס איז שוין אין גאַנצן באַזעצט געווען). ס'האָבן אַפילו געפעלט טירן און פענצטער אין די גרויסע גע־וועלבטע ראַמען, דערפאַר אָבער זענען די ווענט געווען פעסטע, דיקע, און אויך דער דאַך איז געווען אַ גאַנצער, אַ זיכערער פאַר רעגנס און שטורם־ווינטן. ס'האָט אויך געלאָקט דער גרויסער גאָרטן פול מיט ווילדע אויסטער־לישע פלאַנצונגען, און דער נאָענטער פאַרטריקנטער פרדס, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער ברייט און אין דער לענג און זיך פאַרלוירן אין אומענדלעכער ווייטקייט.

אַריינגעבראַכט אין דער נייער „נחלה" דאָס בני־בית פון בית־עולים, די סוכנות־בעטלעך מיט די שטרויזעק און דעקן, האָבן מיר דאָס „מעבל" אויסגעשטעלט יעדעס אויף זיין פּלאַץ, און ענדלעך דערפילט דעם טעם פון היים, פון איינגעזעסנקייט...

מידע פון אַ גאַנצן טאָג אָנשטרענגונג זענען מיר תיכף אַנידערגעפאַלן אויף די געלעגערס ווי דערהרגעטע. נאָר קוים האָבן מיר געכאַפּט דעם ערשטן געשמאַקן שלאָף, האָט אונדז פּלוצעם אויפגעוועקט אַ מוראדיק

געשריי, אַ האַרצרײַסנדיקע יללה... מיר זענען נישט־טויט נישט־לעבעדיק אויפגעשפּרונגען פון די געלעגערס, און גענומען אין דער פינצטער זוכן דאָס אַנטועכץ. דאָס געוויין שטאַרקט זיך, קומט אַלץ נענטער און נענטער. אַ יאָמערלעך געוויין וואָס מאַכט אויפשוידערן.

— לאָמיר אַנטלויפן! — האָט מײַן פרוי געשריגן אין ווילדן שרעק. כ'האָב זי געפּרוווט באַרויִקן, כאָטש מיר אַליין האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן... איך בין געווען זיכער, אַז די דאָזיקע מוראדיקע חיות וועלן באַלד אַרומרינגלען דאָס הויז, אַרײַן דורך די אָפענע פענצטער־לעכער און — — —

— זיי וועלן אונדז אויפפרעסן לעבעדיקערהייט — האָט מײַן פרוי פאַרענדיקט מײַנע מחשבות — און מ'וועט אַפילו נישט וויסן ווו אונדזער געביין איז אַהינגעקומען!... רוצח! — האָט זי געשריגן — וווהין האָסטו אונדז פאַרפירט?! וואָס האָסטו געהאַט צו די אומשולדיקע „ווערעם״?!... זי האָט זיך היסטעריש צעוויינט און אויף איר קוקנדיק — די קינדער. די יללות פון שטוב האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיטן דרויסנדיקן געיאָמער, ס'איז געווען לעבעדיק...

די נאַכט האָט זיך געצויגן און געצויגן, און אַז ס'איז ענדלעך טאָג געוואָרן, בין איך אַנטלאָפן אין דאָרף אַרײַן, געוווּיר ווערן וואָס דאָרט הערט זיך.... די ייִדן, דערזעענדיק מײַן דערשראָקן נישט אויסגעשלאָפן פּנים, האָבן זיי זיך גענומען וויצלען אויף מײַן חשבון:

— פעטער, איר דאַרפט זיך אומבאַדינגט פאַרשאַפן אַ ביקס... און אַ צווייטער:

— און איך וואָלט אײַך געראָטן אַז איר זאָלט דעם „פּאַל״ מעלדן דער משטרה... ערשט אַ דריטער האָט מיך באַרויִקט. מיר דערקלערט אַז די דאָזיקע חיות, שאַקאַלן, טשעפּן נישט קיין פליג אויף דער וואַנט, און אַז דאָס געוויין זייערס איז אַזאַ מין בילן.

פון דעמאָלט אָן האָבן מיר זיי געהערט נאַכט פאַר נאַכט, מיט דער צייט האָבן מיר זיך צו דעם „בילן״ פון די דאָזיקע „הינט״ אַזוי צוגעוווינט, אַז ווען ס'פלעגט אַ מאָל טרעפן אַז מ'האָט זיי אַ נאַכט נישט געהערט, האָט שוין עפּעס געפעלט...

— וואָס זאָל דאָס זיין וואָס מ׳הערט זיי עפּעס נישט? — פרעגט מיין
ווייב פּרעגן.

— וועמען? —

— נו, איך מיין די שאַקאַלן.

— האָב נישט קיין מורא — פלעג איך זי דעמאָלט באַרויִקן — ס׳איז
זיי, חלילה, גאָרנישט געשען...

יאָ, מיר האָבן זיך מיט דער צייט צוגעוווינט צו אַלץ, צו דער ווילדער
געגנט, צום פאַרטרוקנטן פּרדס, און מער פון אַלץ — צו אונדזערע שאַקאַלן.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט די אידיליע. אין אַ שיינעם טאָג
האָבן זיך פּלוצעם באַוויזן ביי אונדז טראַקטאָרן, און גענומען רייסן שטיקער
פון די שטעכל־פּלאַנצן, פון די פאַרטרוקנטע ביימלעך, פון פּרדס, און איידער
מ׳האָט זיך אומגעקוקט, איז לענג־אויס דעם פּרדס אַנטשטאַנען אַ כביש
אויף וועלכן ס׳האָבן אָנגעהויבן רוישן שווערע לאַסט־אויטאָס באַלאָדן מיט
וואַסער־רערן, אייזנס, צעמענט און אַנדער בוי־מאַטעריאַל. ס׳האָט נישט
לאַנג גידויערט, זענען ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן שורות
שטאָקיקע הייזער. אויף די נייע גאַסן האָט אָנגעהויבן טומלען און פּילדערן
אויף פאַרשידענע לשונות... יעדן טאָג איז פאַר אַן אַנדער הויז פאַרפאָרן
אַן אויטאָ און אויסגעלאָדן בעטן, טישן, קינדער־וועגעלעך... וואָס מער
הייזער ס׳זענען צוגעקומען, וואָס גרעסער ס׳איז געוואָרן דער טומל, אַלץ
זעלטענער האָט מען געהערט די שאַקאַלן, ביז זיי זענען סוף כל סוף אינגאַנצן
אַנטשוויגן געוואָרן. אין די לאַנגע נעכט פלעגן מיר, ליגנדיק אויף די גע־
לעגערס, אָנשפּיצן די אויערן, אפשר וועלן מיר זיי נאָך דערהערן, כאָטש פון
ווייט! נאָר אַנשטאָט שאַקאַלן האָט מען איצט געהערט דאָס בילן פון אמתע
הינט, דאָס מיאַוקען פון קעץ, קולות פון מענטשן.

— אַ רחמנות אויף זיי — רופט זיך איין מאָל אָן מיין ווייב.

— אויף וועמען?

— נו, איך מיין די שאַקאַלן... מ׳האָט זיי נעבעך פאַרטריבן...

— וואָס זשע האָסטו געוואָלט, זאָג איך, אַז צוליב דיינע שאַקאַלן
זאָל מען נישט בוין קיין שיכונים?

— ווער זאָגט דען?... איך האָב נאָר געמיינט...

וואָס זי האָט געמיינט, האָב איך אויך געפילט. אַז איך דערמאָן מיך, ווי מ׳האָט זיי פלוצעם פאַרטריבן פון זייער היים, זייער פרדס, אין וועלכן זיי האָבן זיך אַזוי פיל דורות אויסגעוויינט, אויסגעיאָמערט, טוט עפעס אַ צופ ביים האַרצן...

ווו זענען זיי איצט ? — טראַכט איך אָפט. אין וועלכע פרעמדע פר־דסים פאַרקלינגט איצט זייער געוויין ? און ווער ווייסט צי מ׳וועט זיי אויך דאָרט לאַנג צורו לאָזן ? ווייל — טראַכט איך — אויב ס׳וועט אַזוי ווייטער גיין, וועט דאָך באַלד ביי אונדז נישט בלייבן קיין שאַקאַל אויף אַ רפואה...

## מיר וועלן עס באַשאָטענען

ביי די אומות העולם גייט מען נישט אַזוי לייכט צו קינד מיט נייע ישובים ווי ביי אונדז. דער פּראָצעס פון וואַקסן איז דאָרט אויך אַ גאַנץ אַנדערער ווי ביי אונדז. ביי לייטן איז אַ צווייהונדערט־יעריקע שטאָט נאָך אַ יונגפרוי וואָס הייבט ערשט אָן צו פלירטעווען. ביי אונדז געהערן פופציק יעריקע ישובים צו זקנים, וואָס שרייבן שוין זכרונות... אונדזערע נייע ישובים זענען ווי קעלבלעך, וואָס קוים ווערן זיי נאָר געבוירן, שטעלן זיי זיך שוין אויף די אייגענע פיסלעך, שפּרינגען און בריקעווען — צו דער פרייד און דעם געלעכטער פון קינדער.

פון אָט דעם אַספּעקט געזען איז דאָס שטעטל אין וועלכן איך וווין (וואָס האָט נישט לאַנג געפייערט איר דרייסיק יעריקן געבוירן־טאָג) שוין אַ מיידל אין די יאָרן — מיט אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט...

מיט העכער דרייסיק יאָר צוריק, האָט דאָ, ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, זיך אויסגעשפּרייט אַ גראָער זאַמד־מדבר. נאָר פון מערב־זייט האָט געווונקען אַ בלאָער ים. ער האָט געשמייכלט צו די ערשטע באַזוכער, זיי געטרייסט און געמוטיקט : שרעקט זיך נישט, יידן, קומט נאָר, וועט לע־בעדיק ווערן דער טויטער אַרום, וועט ווערן היימלעכער — אויך פאַר מיר...

און זיי זענען געקומען. און נאָך איידער די ערשטע לייוונט־געצעלטן

זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווינהייזער, האָבן די ערשטע קאָלאָניסטן געפלאַנצט גערטנער אוןביימער, כדי צו שאַפן זיך שאָטן קעגן דער גליִענ־דיקער זון, אַריינצוברענגען אַ ביסל פאַרב אין דער וויסטער גרויקייט. דאָס פלאַנצן איז געוואָרן אַ הויפּט־ציל, ווי דאָס וואָלט געווען זייער לעבנס־אידעאַל.

היינט, אַז איך שפּאַציר אין די גאַסן פון מיין שטעטל, באַקאַנט מיט אירע ביימער־און בלומען־אַלעען, אירע פּאַרקן און גערטנער, און מיין אויג באָדט זיך אין אַ ים פון גרינקייט; אַז די שורה געדיכט־צעצווייגטע ביימער וואַרפן ווייטע קילנדיקע שאָטנס אויף די שאָסייען און דערפרישן דאָס אויג און דאָס געמיט, — דערמאָן איך מיך אין הערצלס אַ זאָג:

ווען קייזער ווילהעלם דער צווייטער האָט אין יאָר 1898 באַזוכט ארץ־ישראל, האָט הערצל אויסגענוצט די געלעגנהייט, ער איז אים נאָכ־געפאָרן און עס איז אים געלונגען פון קייזער אויפגענומען צו ווערן, בעת ער איז געזעסן רייטנדיק אויפן פערד.

אַז הערצל האָט פאָרגעבראַכט זיין אידעע, און געבעטן די הילף פון קייזער, האָט דער לעצטער געפרעגט:

— נאָך וואָס טויג אייך אַזאַ הייס לאַנד?

— מיר וועלן עס באַשאָטענען, מייעסטעט — האָט הערצל גע־ענטפערט.

אַז איך באַזוך היינט די נייע ישובים אין נגב און אין אַנדערע וויסטע געגנטן, און זע אין די גליִענדיקע זאַמדן שפּראָצן יונגע ביימלעך, — דער־מאָן איך מיך אין הערצלס נבואה:

— מיר וועלן עס באַשאָטענען.

1953

יצחק פאַנער

# דאָס מוטער־לאַנד און אירע קאָלאָניעס

דאָס שטעטל וווּ איך ווױן האָט נאָך נישט קײן ריכטיקן נאָמען, כאָטש עס ווערט שוין באַלד אַכט יאָר (ביז הונדערט און צוואַנציק), און כאָטש עס ציילט שוין היינט קאַרגע אַכט טויזנט איינוווינער (כן ירבו).

דערווייל הייסט מײַן וווינאָרט „שיכון עמידר". און כדי די פּאָסט זאָל עס נישט פאַרבייטן מיט אַ סך אַנדערע „עמידרס" אין לאַנד, גיט מען צו ביים שרייבן דעם אַדרעס צום נאָמען „עמידר" דעם נאָמען פון שטעטל, ד. ה. דעם נאָמען פון דער „מאַמען" וואָס האָט מײַן שיכון־שטעטל געבוירן: בת־ים.

מײַן „שטעטל" איז נישט קײן בת־יחידה. די „מאַמע" האָט אין די לעצטע עטלעכע יאָרן שטאַרק געקינדלט מיט שיכונים. און אַלע האָבן זיי פּראָוויזאָרישע נעמען, ווי: שיכון עמידר, רמות ים, שיכון ותיקים, רמת יוסף וכדומה. די „מוטער" האָט אַפילו נישט קײן צען טויזנט איינ־ווינער, בעת אירע אַלע „טעכטער" — קרוב פערציק טויזנט.

דערמאָנט די דאָזיקע „מאַמע" אין יענע קליינע מוטער־לענדער, וועלכע זענען רייך און מעכטיק געוואָרן — אַ דאַנק זייערע גרויסע קאָלאָניעס...

די מוטער אַליין איז נאָך אויך נישט קײן אַלטע. זי איז יונגער פון איר צפונדיקער שוועסטער תל־אָביב מיט גאַנצע צען יאָר. זי כאַפּט אויך דעם אָנבליק אין דער שוועסטער. האָבן דאָך ביידע געזויגן ביי די זעלבע מוטערלעכע ים־ברוסטן. דעם זעלבן כאַראַקטער האָט זי, דאָס זעלבע אומ־רויִקע בלוט, דעם זעלבן פיבער פון יאָגן זיך, שטייגן צו אַלץ העכערע מדרגות פון אַנטוויקלונג. אָבער דערצו האָט זי נישט געהאַט די זעלבע מעגלעכקייטן ווי איר שוועסטער. תל־אביב, וואָס איז ערשט מיט פופציק יאָר צוריק אַרומגעלאָפן ביי די ים־ברעגעס אַ נאַקעטע און באָר־וועסע, אין הוילן זאַמד־העמדל, האָט זיך גיך אויסגעסטרויעט אין סאַמעט און אין זייד, געוואָרן אַן אמתע סאַלאָן־דאַמע...

איר יונגערע שוועסטער אָבער האָט גאָט צוגעשיקט ליבהאַרציקע שכנים — דאָס אַראַבישע יפו־דזשעבעליאַ מיט די אַלע סחנה׳ס וואָס האָבן מיט איר געווינט טיר אין טיר און זי נישט געלאָזט דעם קאָפּ אויפֿ־הייבן, איר דערגאַנגען די יאָרן.

און אַז גאָט האָט געהאָלפֿן מען האָט די טייערע שכנים געפּטרט, האָט מען זיך גענומען יאָגן, געוואָלט דעריאָגן די אַלע פֿאַרלוירענע יאָרן. האָט מען זיך אין ערשטער ריי פֿאַרלייגט אויף טעריטאָריאַלע עקספּאַנסיעס — דעראָבערן „קאָלאָניעס"...

און די „קאָלאָניעס" וואַקסן און אַנטוויקלען זיך זעלבסטשטענדיק. אורווילדע זאַמד־שטחים האָבן זיך ווי איבער נאַכט פֿאַרוואַנדלט אין רוישנ־דיקע גאַסן, פּילשטאָקיקע בלאָק־הייזער, אַלעען, פּאַרקן, געשעפֿטן, רעס־טאָראַנס.

און די באַפֿעלקערונג פֿון אונדזערע „קאָלאָניעס" זענען געטרייע אונטערטאַנען, דערפֿילן לאָיאַל אַלע פֿליכטן לגבי דעם „מוטערלאַנד". און פֿרידן הערשט אין די קאָלאָניעס. אונדזערע „קאָלאָניאַל־פֿעלקער" זענען נאָך נישט אַזוי ווייט דערגאַנגען אַז זיי זאָלן רעוואָלטירן קעגן דער „פֿרעמ־דער הערשאַפֿט". קעגן די „אימפּעריאַליסטן"...

איז אויף אַלע מוטער־לענדער, וואָס ווינטשן אונדז גוטס, אַזוינע קאָלאָניעס געזאָגט געוואָרן!

1961

יצחק פאַנער

# פון אדמית־באַרג ביז דעם חולה־טאָל

דער 17־טער יוני פון דעם יאָר 1959 דאַרף ביי אונדז פאַרצייכנט ווערן ווי אַ וויכטיקע היסטאָרישע דאַטע. אין דעם טאָג האָט דער ערשטער ציווילער אויטאָבוס מיט די ערשטע עטלעכע דרייסיק ציווילע פּאַסאַזשירן באַנייט דעם שאָסיי, וואָס איז געבויט געוואָרן לענגאויס דער סירישער גרענעץ, אויפן שטח וואָס האָט ערשט מיט דריי — פיר יאָר צוריק געהייסן „חולה־אָזערע" און הייסט היינט בלויז: עמק החולה, חולה־טאָל, ווייל די אָזערע איז שוין היינט אַ שוכן עפר... זי עקזיסטירט בלויז אויף מאַפּעס און אויף אילוסטרירטע פּאָסט־קאַרטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ביז צום יאָר 1956...

די פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו מאַכן אַ שהחיינו אויפן נייעם חולה־שאָסיי, זענען געווען יידיש־שרייבער און זשורנאַליסטן, פאַר וועלכע די דאָזיקע עקסקורסיע איז ספּעציעל איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן קרן־קימת.

דער חולה־טאָל איז נישט געווען דער איינציקער ציל פון דער דאָזי־קער עקסקורסיע. די עקסקורסאַנטן האָבן אויך געהאַט אַ געלעגנהייט צו פאָרן אויף נאָך אַ צווייטן, נישט ווייניקער וויכטיקן שאָסיי, וועלכער איז נישט לאַנג פאַרענדיקט געוואָרן בויען דורכן קק"ל. דאָס איז דער 6 קילאָמעטער לאַנגער שאָסיי, וואָס שלענגלט זיך זיג־זאַגיש אויף דעם צפון־מערבדיקן אדמית־באַרג, האַרט ביי דער לבנונישער גרענעץ. דער דאָזיקער וועג פאַר־איייניקט דעם צפון־שאָסיי מיטן אַדמית־באַרג, וואָס איז ביז אַצינד געווען ווי אָפּגעריסן פון דער מדינה, ערשט אָט דער וועג האָט פּאַקטיש דעם דאָזיקן פּונקט פון מערבדיקן גליל איינגעשלאָסן אין די גרענעצן פון לאַנד.

גאַנץ פרי פאַרלאָזט אונדזער אויטאָבוס תל־אָביב און נעמט זיך יאָגן איבער די ברייטע אַספּאַלטירטע שאָסייען אין צפונדיקער ריכטונג, כדי אונדז אָן איבעררייס צו ברענגען צום ערשטן פּונקט — קיין אַדמית.

נישטאָ קיין אָנגענעמערער אויספלוג ווי פאָרן מיט לויטער אייגענע,

מיט מענטשן וואָס רעדן דיין שפּראַך, זענען באַשעפּטיקט אין דער זעלבער „בראַנזשע״, וואָס דו, דו ווייסט ווער יעדער איז און יעדער ווייסט ווער דו ביסט. די צייט לויפט דאָן אַזוי גיך, ווי ס׳לויפן די הייזער, גאַסן און פעלדער הינטער דיר... און איידער דו קוקסט זיך אום, גליטשט זיך דער אויטאָבוס שוין צווישן בראשיתדיקע בערג און וועלדער. די ווילדע לאַנדשאַפט שליסט דיך אַלץ מער איין. די לופט ווערט פריש, קיל, מחיהדיק. ס׳גיט אַ ווייע מיט אַלטער היים, מיט קאַרפּאַטן־לופט. ס׳פאַרשווינדט דער לעצטער סימן פון אַ מענטשלעכן ישוב און דער אויטאָבוס, ווי אַ ריזן־קאַץ, הייבט אָן זיך דראַפּען אויף די גלייכע ווענט פון דעם ווילדן פעלדזיקן אַדמית־באַרג. די פריילעכע שטימונג פון די עקסקורסאַנטן ווערט אַ ביסל אָפּגעקילט. אַז מ׳קוקט אַראָפּ אין די טיפע שלוכטן באַפאַלט אַ פּחד. ביי יעדן זיג־זאַג־דריי אין ממש ווערטיקאַלער ריכטונג, פּרייכט און קרעכצט אונדזער אויטאָבוס. דער נהג קעמפט — נישט אַזוי כדי ווייטער צו קומען, ווי צו פאַרמיידן אַ צוריקפאַל, אָן אַראָפּפאַל אין טיפן אָפּגרונט...

איינער פון אונדזערע מיטפאָרער מאַכט אַ וויץ: דאָס האָט מען דער־פאַר די יידיש־שרייבער אָנגעטאָן דעם כבוד פון באַנייען מיט זיי אַזאַ שאָסיי, כדי, טאָמער, חלילה, עפּעס־וואָס, זאָל עס נישט טרעפן מיט די העברעיִשע, נאָר מיט די יידישע פּען־מענטשן...

אדמית. דער יונגסטער און דערווייל דער קלענסטער קיבוץ אין לאַנד. ער שליסט איצט די קייט, צווישן חניתה און אילון. ער ציילט אין גאַנצן זעכציק נפשות, יונגע מיידלעך און בחורים, מערסטנס סאַברעס. ס׳איז אָבער צו האָפן, אַז דאָס אינוועסטירטע „גרונט־קאַפּיטאַל״ וועט זיך באַלד פאַרמערן: די שוין אויסגעבויטע בית־התינוקות און גן־ילדים פאַרשטאַרקן די דאָזיקע האָפענונג...

די זעכציק בחורים און מיידלעך אויפן העכסטן פונקט פון אונדזער צפון־מערבדיקער גרענעץ זענען זעלנער אויף וויכטיקע פּאָזיציעס. יעדער פון זיי איז אַ העלד, וואָס פאַרדינט דעם העכסטן אָרדן וואָס אַ פראָנט־קעמפער קען נאָר פאַרדינען.

אויפן וועג קיין צפת האָט דער אויטאָבוס פאַרקירעוועט אויף צפון און אָפּגעטרעטן אין וואַלד פון ביריה, איינער פון די גרעסטע וואַלד־צענ־

טערס פון קרן־קימת אין צפון־טייל פון לאַנד. איבער דריי מיליאָן ביימער זענען אין די לעצטע עטלעכע יאָר דאָ געפלאַנצט געוואָרן. אין אָט דעם וואַלד געפינט זיך איינער פון די צען אָבסערוואַציע־טורעמס, וואָס דער קרן־קימת האָט אויפגעשטעלט אין זיינע וועלדער אויף צו אַנטדעקן און באַקעמפן שריפות בעת די גרויסע זומער־היצן.

דער דאָזיקער אָבסערוואַציע־טורעם איז איינער פון די אָריגינעלסטע בנינים אין לאַנד. אַפילו דער ניכטערנסטער און קילסטער באַזוכער קען נישט אונטערדריקן אַ שמייכל פון באַוווּנדערונג דערזעענדיק אָט דעם זעלטענעם בנין. דריי ווענט זענען צונויפגעשטעלט פון גאַנץ דינע און קורצע דרענגלעך פון די אייגענע יונגע וואַלד־ביימלעך. אָפּגעשיילטע, לייכטן די דאָזיקע דינע דרענגלעך ווי מאַט גאָלד. די פערטע וואַנט איז געמויערט פון זעלטענע שטיינער, צונויפגעקליבענע ביי די אַרבעטן פון באָדן־הכשרה אין דעם ראַיאָן.

דער דאָזיקער בנין אין מיטן שמעקעדיקן וואַלד זעט אויס ווי אַ פּריצישער „יאַגד־שלאָס", און מיר, די עקסקורסאַנטן, פאַר וועלכע ס׳שטייט שוין דאָ געגרייט אַ לאַנגער טיש מיט כלערליי געשמאַקע סאַלאַטן און קאַלטע שפּייזן מיט אייז־קאַלטע געטראַנקען, — זעען אויס ווי מיר וואָלטן טאַקע איצט געקומען פון געיעג, הונגעריקע און דאָרשטיקע...

פון דאַנען פאָרן מיר צום חולה־טאָל, כדי מיט די אייגענע אויגן צו זען דאָס ווונדער; כדי זיך אַליין צו איבערצייגן, אַז: „דאָס וואָס מ׳האָט אַזוי לאַנג געבלאָפט איז טאַקע אמת"... כדי צו זען מיט די אייגענע אויגן, אַז אירע מאַיעסטעט די חולה־אָזערע מיט איר גאַנצער פּאַרזומפּטער פמליא, וואָס האָט דאָ געקיניגט אַזוי פיל צענטליקער טויזנטער יאָרן, האָט ענדלעך אויסגעהויכט איר לעצטן פאַרסמטן אָטעם; כדי אַליין צו הערן דעם נצחון־געזאַנג און צו זען די ברכה, וואָס איז אויפגעגאַנגען אויף אָט דער ערד נאָכן פאַרשווינדן פון דער אָזערע.

ערשט מיט אַן ערך פיר יאָר צוריק בין איך דאָ געווען. דעמאָלט איז דער שווער־קראַנקער חולה־טאָל נאָך געלעגן אויפן אָפּעראַציע־טיש. זיין גוף איז געווען צעשניטן אין מערערע „קאַנאַלן" און אַ ריזיקע הייב־מאַשין האָט זיך איינגעשניטן אין זיין אינגעווייד.

היינט בליט דער חולה מיט פיל־קאַליריקע בייטן־טעפּיכער. זעכציק טויזנט דונאַם מאַלאַריע־זומפּן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די פרוכטבאַרסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע ראַיאָנען אין לאַנד.

דאָס פאַרשווינדן פון דער חולה־אָזיערע, אַז ס׳זאָל פון איר בלייבן בלויז אַ זכר, קען פאַרצייכנט ווערן ווי איינע פון די גרעסטע ווונדער נישט נאָר ביי אונדז, אין דעם לאַנד פון נסים, נאָר אַפילו אין דער וועלט פון גרויסע טעכנישע דערגרייכונגען.

1959

## אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונג...

אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי אין די היילן פון מדבר יהודה זענען אַנטדעקט געוואָרן די פּאַפּירוס־בריוו פון בר־כוכבא, איז די וועלט איבער־ראַשט געוואָרן פון אַ צווייטער, נישט ווייניקער סענסאַציאָנעלער, אַנט־דעקונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן ביי די גראָבונגען אין מיין שיכון־שטעטל...

אין דעם ליידיקן, נאָך נישט פאַרבויטן זאַמד־שטח, וואָס שפּרייט זיך אויס האַרט פאַרן אַריינגאַנג צו מיין שיכון, האָט אַ בוי־געזעלשאַפט דורכגעפירט אירע „גראָבונגען״, כדי אויף דעם פּלאַץ צו פאַרלייגן פונדאַ־מענטן פאַר אַ ריי דריי־פיר שטאָקיקע בלאָק־הייזער — פאַר אַ נייער גאַס.

גראָבנדיק אין די זאַמדן, האָבן צוויי פּועלים זיך אָנגעשטויסן אויף אַ האַרטן קעגנשטאַנד און באַלד האָבן זיי אַרויסגעצויגן פון דער טיף אַ האָלץ־צריפל, וואָס זאָל, לויט די פעסטשטעלונגען פון די אַרכעאָלאָגן, נאָך שטאַמען פון דער לעצטער בית־עולים־תקופה און דעם אָנהייב פון דער פריער מעברה־תקופה. ווי באַוווּסט, טיילט זיך די מעברה־תקופה אייך אין דריי צייט־אָפּשניטן: 1. די פרי־מעברה, דאָס איז די אַזוי־גערופענע „לייוונט־תקופה״, 2. די מיטעלערע אָדער „בלעך־תקופה״, און 3. די מאָדערנע אָדער די „אַזבעסט־תקופה״. דאָס הייסט, אַז דאָס אַנטדעקטע האָלץ־צריפל איז די אייגנטלעכע פּרעהיסטאָריע פון אונדזער שיכונים־ציוויליזאַציע...

אַקעגנאיבער דעם דאָזיקן לײדיקן פּלאַץ האָט די זעלבע געזעלשאַפט נאָך מיט דרײַ־פיר יאָר צוריק אויסגעבויט אַ רײ דרײַ־ און פיר־שטאָקיקע בלאָק־הײַזער, װאָס פאַרכאַפּן הײנט דאָס אויג מיט זײערע פּרעכטיקע ברײטע באַלקאָנען, מיט די פיל־קאָליריקע װענט, מיט זײערע שײנע געשעפטס־לאָקאַלן, מיט די געשמאַקפולע שויפענצטער־אויסלאַגן. אין די אָװנטן װאַרפן די פיל נעאָן־לאָמפּן זײער העלן ליכט אויף דעם ברײטן טראָטואַר און אויף דעם נאָך ברײטערן אַספאַלטירטן שאָסײ, װאָס פירט אַרײַן אין שיכון־שטעטל. די אַרויסגעשטעלטע טישלעך פאַר די מזנון־לאָקאַלן זענען ביז אין די שפּעטע אָװנט־שעהען באַזעצט מיט מענער און פרויען.

אָבער אַקעגנאיבער דער נײַער טומלענדיקער גאַס איז געלעגן אַ טיפער פוסטער זאַמד־שטח און געװאַרט אויף אַ תיקון, געװאַרט — און זיך דערװאַרט.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו דער „אַנטדעקונג". װי געזאָגט, האָבן די אַרכעאָלאָגישע געלערנטע פעסטגעשטעלט, אַז דאָס אויסגעגראָבענע צריפל שטאַמט נאָך פון דער װײַטער פּרי־מעברה־תקופה, ד. ה. פון דער „לײװונט־תקופה". אָבער נישט געקוקט דערויף איז דאָס צריפל געבליבן קאָנסער־װירט װי עס װאָלט ערשט נעכטן געמאַכט געװאָרן.

נאָך לאַנגע פאָרשונגען איז דעם שרײַבער פון דעם באַריכט געלונגען צו רעקאָנסטרוי:רן — װען אַפילו בלויז אין פּראָפיל — די מענטשן, װאָס האָבן געהאַט אַ דירעקטן שײַכות צו אָט דעם פּרע־היסטאָרישן צריף. אָט איז די געשיכטע:

דאָס איז געװען אין סאַמע ברען פון דער גרויסער היסטאָרישער „פעלקער־װאַנדערונג". פון אַלע עקן װעלט, פון אַלע ימען און קאָנטינענטן זענען זײ זיך אַהער צונויפגעקומען. אַן אמתער ראַסן־אינטערנאַציאָנאַל. װען אַ פײַנטלעכער נביא װאָלט זיך דעמאָלט דאָ באַװיזן און דערזען די שורות לײװנטענע געצעלטן, װו עס האָבן געהויזט בײנאַנד מאַראָקאַנער מיט גאַליציאַנער, װאַרשעװער מיט טעהעראַנער, בוקאַרעשטער מיט באַג־דאַדער — װאָלט ער זיכער, װי אַ מאָל בלעם, אַ באַגײַסטערטער אויסגע־רופן: מה טובו אוהליך, יעקב!

אין צענטער פון דער לײװנט־שטאָט האָבן זיך דערהויבן האָלץ־

צריפים — די מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, און נישט ווייט פון זיי — די קאָמערציעלע בנינים. אונדזער צריף — ווי אַ מכלת — איז געשטאַנען אַ ביסל אָפּגערוקט פון צענטער. זיינע באַלעבאַטים — צוויי שותפים, איינער פון פּיטשעניזשן און דער צווייטער פון וויזשניק. דער וויזש־ניצער, ר׳ לייזער בערגער, איז געווען אַ ייד פון אַ יאָר זיבעציק, מיט אַ לאַנגער גראָער באָרד. זיין מאָגערע געשטאַלט איז געשטאַנען אין סתירה מיט זיין גרויסן, שפּיציקן בויך. דער צווייטער שותף, ר׳ מענדל פרענקל, איז געווען אין די לעצטע פופציקער: אין קעגנזאַץ צו זיין עלטערן שותף, וואָס איז געווען אַ נערוועזער, אַן אייביק אָנגעכמורעטער, פאַרזאָרגטער, איז דער אַדון פרענקל געווען אַ פריילעך יידל, וואָס האָט זיך ליב געהאַט צו וויצלען, זאָגן גלייכווערטלעך. און פאַרוואָס האָט ר׳ מענדל נישט געזאָלט זיך וויצלען? דאָס געשעפט איז תמיד פול. מען רייסט די סחורה ממש פון די הענט. ס׳זאָל נאָר זיין וואָס צו פאַרקויפן!

די קונים פון די מזרח־עדות הייסן ביי די שותפים „שוואַרצע״. פאַרשטייט זיך, אונטער די אויגן. אין די אויגן הייסן זיי די „שכוירים״... (שחורים), אין די מיינסטע פאַלן פלעגט עס גלאַט אָפּלויפן. די „שוואַרצע״ האָבן זיך נישט געכאַפּט, אַז די „יידישע״ ווערטער „שכוירים״ און „שוכער״ מיינט מען זיי. נאָר איין מאָל האָט געטראָפן: די מכלת איז געווען פול. אַ מאַראָקאַנער קונה איז געשטאַנען לעבן אַ שטויס אייער. האָט זיך ר׳ מענדל אָנגערופן צו זיין שותף: „ר׳ לייזער, זייט רואה אַז דער „שוכער״ זאָל נישט צולאָקכענען עטלעכע ביצים״. ער האָט קוים געענדיקט, ווי ער האָט דער־פילט, אַז עפּעס פליט אים אין קאָפּ אַריין און עס ווערט אים פינצטער אין די אויגן... פון דעמאָלט אָן האָבן די שותפים אויפגעהערט צו רעדן אין אָנוועזנהייט פון זייערע „שוואַרצע״ קונים אויף לשון־קודש...

נאָר די גוטע זיבן יאָר פון זשויב האָבן נישט לאַנג געדויערט. ווי פון אונטער דער ערד זענען פּלוצעם אַרויסגעוואַקסן אין דער נאָענט פון דער לייוונט־שטאָט געמויערטע שיכונים־בלאָקן, און יעדן טאָג האָט זיך אַן אַנדערע מעברה־משפחה אַריינגעצויגן אין אַ שיכון־דירה. די לייוונט־שטאָט איז אַלץ שיטערער, אַלץ ליידיקער געוואָרן. ס׳האָט נישט לאַנג גע־דויערט און ס׳איז פון איר קיין שפור נישט געבליבן. די מכלת האָט נישט

מער געטראָגן פאַר צוויי שותפים. ביים געשעפט איז געבליבן דער באַזיצער פון רשיון — דער אַלטער ר׳ לייזער. און גאַר גיך איז אויך געקומען דער צווייטער קלאַפּ: די „תלושים״ פאַר פּראָדוקטן זענען אין גאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן! בערגערס קונים האָבן איצט געקענט באַקומען צוקער, אייער, בוימל און די אַנדערע פּראָדוקטן פראַנק און פריי אין די געשעפטן נאָענט פון זייערע איצטיקע וווינונגען. מען פלעגט נאָך דעם אַלטן זען יעדן טאָג טראָגן אַ קויבער מיט ברויט, אייער, מאַרגאַרין, אין די הייזער פון זיינע אַמאָליקע קונים, אַזוי לאַנג ביז אין איינעם אַ טאָג — — — האָט די קלעפּסידרע אויף דער טיר פון זיין פאַרמאַכטן צריף מודיע געווען, אַז דער אַלטער ר׳ לייזער וועט שוין מער נישט ברענגען זיינע אַמאָליקע מעברה־קונים ברויט און מאַרגאַרין און אייער אין די שטיבער אַריין...

און דאָס איז די געשיכטע פון דעם אויסגעגראָבענעם צריף און פון דער וועלט, וואָס איז אַוועק מיטן ווינט...

## אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל

ביי אונדז אין די אַמאָליקע היימען האָט כמעט נישט געקענט פּאַסירן אַז מ׳זאָל זיך יאָרנלאַנג נישט טרעפן מיט אַ קרוב אָדער אַ פריינט נאָר דערפאַר, ווייל ער וווינט נישט אין דעם זעלבן אָרט, וואָס דו. אַפילו ווען ער האָט געוווינט אין אַ מרחק פון אַ טאָג באַן־רייזע, האָט מען זיך אויך צייט גענומען אים צו באַזוכן אַ מאָל. דאָ אָבער אין אונדזער קליי־נינקן לענדל, וואָס זיין גאַנצע לענג (פון דער ברייט לאָמיר ליבער נישט רעדן...) קען מען אויספאָרן אין עטלעכע שעה, קענען אַוועקגיין יאָרן אַז איר זאָלט אייך מיט אַ קרוב אָדער גוטן פריינד נישט זען, מעג ער אַפילו וווינען פון אייך בלויז איין שעה אויטאָ־רייזע. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי ווייס איך נישט, און ס׳איז אויך נישט מיין אויפגאַבע פרוון דאָס דערקלערן. איך האָב בלויז געמאַכט דעם דאָזיקן אַריינפיר צו מיין רעפּאָרטאַזש כדי די לייענערס „פאַרשטענדלעך צו מאַכן״ דעם פאַקט וואָס איך האָב מיך מיט

מיין פריינד מענדל גאָלדפעלד נישט געזען כמעט גאַנצע 10 יאָר, כאָטש ער וווינט פון מיר גאָרנישט אַזוי ווייט. (אַפילו לויט די ישראלדיקע באַגריפן).

מיין פריינד גאָלדפעלד איז מיר נישט נאָר אַ פריינד, נאָר אויך אַ דרייפאַכער לאַנדסמאַן: אַ טשערנאָוויצער, אַ טראַנסניסטריער און אַ ציפּערנער לאַנדסמאַן... נאָר קומענדיק צוזאַמען אין חיפהער פּאָרט מיט העכער דרייצן יאָר צוריק, האָט מען אונדז צעשיידט — יעדן אין אַ באַזונדערן בית־עולים. ער האָט מיך נאָר איין מאָל באַזוכט, מיט אַ צען יאָר צוריק, ווען ער האָט פאַרלאָזן די מעברה און איז אַריין אין אַ שיכון, ערגעץ אין אַ געגנט דרומדיק פון לאַנד.

אין זיינע בריוו צו מיר האָט ער נעבעך געוויינט און געקלאָגט, אַז ער האָט נישט קיין מזל. מען האָט אים געגעבן אַ שיכון — האָט ער גע־שריבן — „ווו דער רוח זאָגט אַ גוטע נאַכט". אַ ווילדער און וויסטער מדבר. „פון הויפּט־כביש מוז מען לאַנג טאָפּטשען אין טיפע זאַמדן ביז וואַנען מען דערשלאָגט זיך צו דער דירה" — האָט ער געשריבן. און: „קוים פאַלט צו די נאַכט, צעיאָמערן זיך מחנות שאַקאַלן אַרום מיין וווינונג מיט אַזעלכע ווילדע יאָמערלעכע געוויינען, אַז ס'פאַלט אַ פחד. און כאָטש מען פאַר־זיכערט אונדז אַז די דאָזיקע חיות טשעפּען נישט קיין פליג אויף דער וואַנט, פאַרהאַקן מיר אַפילו אין די זומער־נעכט טיר און פענצטער כדי נישט צו הערן די דאָזיקע מוראדיקע יללות". אַ צווייטער בריוו: „דאָס ווייב באַוויינט מיר די יאָרן. גזלן — שרייט זי — וואָס האָסטו אונדז פאַרפירט אין אַ מדבר אַז מיר זאָלן דאָ אויסגיין פאַר שרעק און פחד!".

נאָר וואָס אַ יאָר זענען זיינע בריוו אַלץ זעלטענער, זיינע געוויינען — אַלץ שוואַכער געוואָרן. ביז אונדזער קאָרעספּאָנדענץ איז אינגאַנצן איבער־געריסן געוואָרן. און אָט אַן איבערראַשונג.

יענע וואָך, אַהיימקומענדיק פון שטאָט, אויפמאַכנדיק די טיר פון מיין וווינונג האָב איך אויסגערופן: מענדל! יאָ, ער איז עס געווען. אַז מיר האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעפרעגט אויפן געזונט, אויף דער פרנסה, האָב איך אים געפרעגט וועגן דעם צוועק פון זיין קומען.

— איך האָב מיין דירה אַזוי גוט ווי פאַרקויפט — האָט מיין פריינד געזאָגט — בין איך געקומען מיך אומקוקן אין דער געגנט.

— די העכסטע צייט! — האָב איך אויסגערופן — פטור צו ווערן פון יענעם מקום.

— יאָ. אָבער ביז וואַנען כ׳וועל נישט געפינען אַ פּאַסיקע דירה אין דער סביבה, קען איך דאָרט נישט אָפּשליסן, פאַרשטייסט?

— וועסט געפינען, וועסט געפינען. ווו דו וועסט נישט קויפן אין אונדזער סביבה וועט עס אַלץ זיין אַ דירה צווישן מענטשן און נישט — צווישן שאַקאַלן.

ער האָט מיך פאַרחידושט אָנגעקוקט. — וואָס מיינסטו מיט שאַ־קאַלן? — האָט ער געפרעגט.

איך מיין אַז אין תוך גענומען איז דאָך דאָס ווייב דיינס גערעכט. זי האָט דאָך אויך אַ רעכט צו וווינען צווישן מענטשן.

— אָבער... אַנטשולדיק... דו האָסט נישט פאַרשטאַנען. נישט פון שאַקאַלן ווילן מיר אַנטלויפן פון יענער געגנט, נאָר פון... מענטשן.

— פון וועמען זאָגסטו ווילסטו אַנטלויפן?

— פון מענטשן, פונעם צו גרויסן געטומל.

— כ׳פאַרשטיי נישט, מענדל, דו האָסט דאָך געשריבן... שאַקאַלן... זאַמדן...

דאָס איז געווען אַ מאָל, די קינדער וואָס זענען געבוירן מיט זעקס־זיבן יאָר צוריק אין אונדזער שיכון האָבן שוין קיין שאַקאַלן און קיין זאַמדן נישט זאַנאַיעט. דערפאַר קענען זיי שוין צו גוט דאָס רוישן פון כל־מיני אויטאָס וואָס הערן נישט אויף צו זשומען און טרובען איבער אונדזערע שאָסייען. מיין הויז וואָס איז אַ מאָל געשטאַנען אַנטקעגן אַן אַלטן פּרדס אויף אַ בערגל, איז היינט געוואָרן דער צענטער. מיין דירה האָט צוויי פראָנטן. פונקט אַקעגן די פענצטער פון מיין שלאָף־צימער, איז אויפגעבויט געוואָרן דער גרעסטער קינאָ־ און טעאַטער־בנין פון גאַנצן שטעטל. פון פינף אַ זייגער נאָך מיטאָג ביז 11 און אָפט 12 אַ זייגער אין דער נאַכט רוישט און זידט אַרום דעם קינאָ. הונדערטער (מיר דאַכט זך, אַז טויזנטער) קינדער און יוגנטלעכע (כן ירבו) טרעטן נישט אָפּ פון בנין ביז ער ווערט

נישט געשלאָסן (און אָפּט אַפּילו דעמאָלט נישט) זייערע געשרייען און גוואַלדן קענען אַ טויטן לעבעדיק מאַכן. באַזונדערס ווירקט אויף די נערוון זייער פּייפן. דו האָסט שוין אַ מאָל באַמערקט ווי אַזוי אונדזערע העברעיִשע קינדער (כּן ירבו) פּייפן? די קלענערע, די נאָך ווייניק געניטערע, מאַכן דאָס נאָך מיט צוויי פינגער אין מויל, נאָר די גרעסערע פּייפן שוין אָן פינגער, ווי די געניטע ביציקלעטן־פאָרער וואָס פאָרן שוין מיט פאַרלייגטע הענט... מיר דאַכט זיך, אַז די גאַסן־יונגען און שקצים פון דער גאָרער וועלט וואָלטן זיך געדאַרפט קומען לערנען פּייפן ביי אונדזערע ישראלדיקע קינדער. דאָס האַרץ וואַקסט ממש פון נחת אַז מ׳קוקט זיך צו ווי אונדזער שטאָלץ, אונדזער „צוקונפט" פּייפט... דאָס איז אָבער נישט אַלץ.

די גאַס מיינע גייט אַ ביסל באַרג אַרויף. באַנוצן אונדזערע קינדער דעם ברייטן טראָטואַר וואָס ציט זיך לענג־אויס דעם קינאָ־בנין אַלס ספּאָרט־פּלאַץ. זיי לאָזן זיך אַראָפּ מיט קליינינקע וועגעלעך אויף דריי קליינע איי־זערנע רעדלעך. און אַז צען אַזוינע „ספּאָרטלער" לאָזן זיך אַראָפּ אויף זייערע וועגעלעך, מאַכן זיי אַזאַ געררויש, ווי טאַנקען וואָלטן פאָרן. אַזוי אַ גאַנצן טאָג. מיר גייען כּסדר אַרום מיט קאָפּווייטיק, געררייצטע, נישט דערשלאָפענע. עמעץ פון די שכנים האָט אַנטדעקט אין אַפּטייק אַזאַ וואַטע, וואָס אַז מען פאַרשטאָפּט זיך די אויערן, הערט מען אַבסאָלוט גאָרנישט. מיין פרוי האָט איין מאָל זיך פאַרשטאָפּט די אויערן מיט אַזאַ וואַטע, האָט זי דעם גאַנצן טאָג צו יעדן אַזוי הויך געשריגן, אַז די שכנים האָבן גע־מיינט, אַז זי קריגט זיך מיט עמעצן...

איצט — פאַרענדיקט מיין פריינד — פאַרשטייסטו שוין אַז איך מוז אַנטלויפן פון אַזאַ גיהנום? איצט זוך איך אַ שטילע געגנט, איך זוך אַ געסל וואָס זאָל זיין באַוווינט פון ווייניק מענטשן, און דער עיקר — בלויז פון עלטערע, אַזוי צווישן זעכציק און זיבעציק יאָר, אַז מ׳זאָל זיכער זיין, אַז זיי וועלן שוין קיין קינדער (כּן ירבו) נישט האָבן... פאַרשטייסט?

— כ׳פאַרשטיי.

יצחק פאַנער

# אַן אויספלוג אין מיין שיכון־שטעטל

דאָס שטעטל, אין וועלכן איך האָב מיך באַזעצט תיכף נאָך מיין קומען אין לאַנד (עטלעכע חדשים נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה), האָט דעמאָלט געציילט ווייניקער פון 2500 איינוווינער. דער בנין פון דער מועצה (היינט שוין לאַנג אַ שטאָט), איז געווען דאָס סאַמע עקסטע הויז פון שטעטל. ווייטער פון דעם הויז איז געווען וויסט און לער, בלויז גראָע אין־סופיקע זאַמדן. און אויב דאָ און דאָרט האָט פון די טיפע זאַמדן אַרויסגעסטאַרטשעט אַן אַנעמיש האַרבאַטע קאַרליק־ביימל אָדער אַ בינטל האַרטע ווילדע גראָזן, אַזוי האָט דאָס נאָך מער באַטאָנט די גראָקייט און וויסטקייט פונעם טרויע־ריקן אַרום.

עטלעכע הונדערט מעטער אַפּגערוקט פון שאָסיי, זענען אויף די זאַמדן געשטאַנען עטלעכע נידעריקע האָלץ־צריפים. זיי האָבן אין דער צייט פון ענגלישן מאַנדאַט אַפּנים געדינט די ענגלענדער צו געוויסע מיליטער־רישע צוועקן. די צריפים האָבן ביים אָנקומען פון די נייע עולים נאָך געהאַט בולטע סימנים פון די קאַמפן, וואָס זענען דאָ נישט לאַנג פאָרגעקומען צווישן דער הגנה און אַראַבישע כנופיות. ביי אייניקע באַראַקן זענען די ווענט געווען דורכגעשאָסן פון קוילן, ביי אַנדערע זענען די רעפים־דעכער געווען שטאַרק באַשעדיקט. די קאַמפן, וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט, זענען קענטיק געווען ניט נאָר אויף די האָלץ־באַראַקן, נאָר אויך אין דער גאַנצער סביבה. אונדז, די נייע עולים (פאַר וועלכע מ׳האָט די דאָזיקע „שיכונים" באַשטימט), האָט מען געוואָרנט, אַז מיר זאָלן נישט זוכן איינצושפּאָרן וועג און נישט גיין צו דער אויטאָבוסן־סטאַציע דורך די זאַמדן, נאָר גיכער גיין מיט דער אָנגעצייכנטער סטעזשקע, וואָס פאַרלענגערט טאַקע דעם וועג, אָבער איז דערפאַר זיכערער, ווייל די זאַמדן אַרום זענען פול מיט מינעס, וואָס קענען ביי יעדן נישט־פאָרזיכטיקן טריט אויפרייסן. נישט איינער — האָט מען אונדז געזאָגט — האָט שוין פאַר זיין אומפאָרזיכטיקייט באַצאָלט מיטן לעבן.

האָבן די עטלעכע האָלץ־צריפים אין מיטן פון די טיפע אומענדלעכע

זאַמדן אויסגעזען ווי קליינע, שוואַכע זעגל־שיפלעך אויף אַ צעברויזטן ים, וואָס קעמפן פאַרצווייפלט מיט דיווילדע כוואַליעס, כדי צו דערשווימען צו אַ ברעג...

דער „ברעג" איז געווען דער אַספּאַלטירטער כביש עטלעכע הונ־דערט מעטער פון דעם „ים". יעדן פרימאָרגן, כמעט אין דער זעלבער שעה, האָט מען אויף דעם „צריפים־אינדזל" דערהערט אַ קלינגען מיטן גלעקל. האָט מען געוווּסט, אַז דאָס איז דער אייז־וואָגן, וואָס וואַרט אויפן כביש, אַז די „אינזולאַנער" זאָלן „אַריבערשווימען" די זאַמד־כוואַליעס און קומען נאָכן אייז. מיט אַ צוויי־דריי שעה שפּעטער האָבן די צריפים־באַוווינער ווידער געהערט קלינגען. האָבן זיי געוווּסט, אַז דאָס וואַרט אויף זיי דער נאַפט־וואָגן. און נאָך שפּעטער — דער וואָגן פון ירקות און די אַלע אַנדערע וועגענער וואָס האָבן דורך פאַרשידענע צייכנס — דורך קלינגען, פייפן, טרובען, געלאָזט וויסן די צריפים־באַוווינער, אַז זיי זאָלן קומען צום כביש, אויב זיי ווילן נישט בלייבן אָן אייז, אָן ירקות, אָן נאַפט אָדער אָן מילך (מילך האָבן דעמאָלט באַקומען נאָר קליינע קינדער און קראַנקע).

און ווי אַ צולאָג צו אָט דער וויסטע, זענען געווען די נאַכט־נעכטלעכע „סערענאַדעס" פון די שאַקאַלן, כמעט פאַר די פענצטער פון די באַראַקן. ווי נאָר ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָבן זיך הונדערטער שאַקאַלן צעיאָמערט מיט אַזוינע האַרצרייסנדיקע יללות, אַז אַ פּחד איז געפאַלן נישט נאָר אויף קינדער, נאָר אויך אויף גרויסע.

אַקעגן וואָס איך דערצייל דאָס היינט? אָט הערט אַקעגן וואָס:

אַנומלט האָב איך מיט מיין פרוי געמאַכט אַן אויספלוג אין... מיין שיכון־שטאָט. ניין, ס'איז נישט קיין דרוקפעלער. איך חזר איבער: אַן אויספלוג אין מיין שיכון־שטאָט. מיר האָבן זיך שוין אַנגעקוקט סדום, אילת, חצור, עין־גדי נאָר אונדזער שיכון האָבן מיר נאָך נישט געזען... האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר מוזן זיך אַ מאָל פריי מאַכן אויף עטלעכע שעה און זיך אָנקוקן די שטאָט, וואָס איז אַנטשטאַנען אויף דעם שטח פון די אַמאָליקע האָלץ־צריפים און אויף די אומענדלעכע זאַמדן, פון וועלכע ס'איז שוין לאַנג קיין שפּור נישט געבליבן.

ווען עמעץ זאָל מיך פרעגן ווי אַזוי איז דאָס אין געציילטע עטלעכע

יאָר אויף אָט די מדבר־זאַמדן אַנטשטאַנען אַ שטאָט מיט ברייטע אַספאַל־טירטע שאָסייען, אויף וועלכע עס רוישן און טומלען טאָג און נאַכט אויטאָ־בוסן, טאַקסיס, פּריוואַטע אויטאָס, לאַסט־אויטאָס, ראָווערן; גאַסן מיט פיל שטאָקיקע הייזער, מיט גערטנער, פּאַרקן, ספּאָרט־פּלעצער, געשעפטן, רעסטאָראַנען און קיאָסקן, קינאָס און קולטור־אַנשטאַלטן — ווען עמעץ זאָל מיר זאָגן: דו ביסט דאָך דאָ געווען פון די ערשטע, ביסט דאָך געשטאַנען ביי מעשה בראשית. דערציילזשע ווי אַזוי איז דאָס אַלץ איבער נאַכט געבוירן געוואָרן? — וואָלט איך נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. איך ווייס אַליין נישט ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען. אָפּט דאַכט זיך מיר, אַז דאָס אַלץ איז דורך אַ כישוף־שפּרוך אַרויסגעשפּרונגען פון די זאַמדן, ווי אַ מאָל ווענוס פון די ים־כוואַליעס...

האָבן מיר, איך און מיין פרוי, באַשלאָסן צו באַזוכן אונדזער שכונה. זענען מיר געגאַנגען גאַס־איין, גאַס־אויס. פאַר יעדן גרויסן בנין, יעדן פּאַרק, יעדן שיינעם געשעפט שטיין געבליבן פול מיט פאַרגאַפונג, פול התפּעלות און מיט אַ לאָקאַל־פּאַטריאָטישן שטאָלץ: אָט דאָס אַלץ האָבן „מיר” געשאַפן!

און אַזוי ווי מיר זענען שוין געווען גענוג זאַט פון זען און באַ־וווּנדערן, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אַהיים. גייען מיר אַזוי אַ שטיקל צייט און כאַפּן זיך, אַז מיר גייען גאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. לאָזן מיר זיך גיין אויף צוריק. נאָר באַלד הייבן מיר אָן צו צווייפלען צי אויך איצט גייען מיר ריכטיק. און ווי מיר שטייען אַזוי, נישט וויסנדיק אין וועלכער ריכטונג מיר דאַרפן גיין, קומט אָן אונדזערס אַ באַקאַנטער, אַ געוועזענער שכן פון דער אַמאָליקער צריפים־קאָלאָניע (נישט היינט געדאַכט). שטעל איך אים אָפּ און דערצייל אים, אַז מיר האָבן צום ערשטן מאָל געמאַכט אַ שפּאַציר אין דער געגנט. — איר ווייסט נישט ווי עס איז? — זאָג איך אים — מען קען יאָר־איין, יאָר־אויס בלויז דעם וועג צום אויטאָבוס קיין תל־אביב און צוריק. און וואָס ס'האָט זיך אין די עטלעכע יאָר אָפּגעטאָן הינטער דיר און אַרום דיר — האָב איך ערשט היינט געזען. אַ שטאָט פון זעכציק טויזנט איינוווינער איז דאָך נישט קיין שטעטל פון צוויי און אַ האַלב טויזנט... נו, האָבן מיר פאַרלוירן די אָריענטאַציע, פאַרבלאָנדזשעט

זיך, און איצט ווייסן מיר נישט אין וועלכער ריכטונג צו גיין, דאָס הייסט ווו מיר ווינען...

צעלאַכט זיך מיין באַקאַנטער און ער הייבט אונדז אָן אויסמאָלן:

— איר זעט אָט דאָס גרויסע הויז? גייט ביז אַהין און דאָרט פאַרנעמט איר זיך אויף רעכטס, און איר גייט אַזוי לאַנג, ביז איר קומט־צו צו אַ שול־בנין. פון דאָרט פאַרנעמט איר זיך אויף לינקס און גייט אַזוי לאַנג ביז איר קומט־צו צו אַ קינאָ, צום נייעם קינאָ.

— צום קינאָ? דאָס איז דאָך טאַקע...

— שלאָגט זשע נישט איבער... — ביז איר קומט־צו צום נייעם קינאָ. און פונקט אַקעגן נייעם קינאָ, אַקוראַט אַקעגן — ווינט איר...

— איך דאַנק אייך זייער — האָב איך געזאָגט און מיר האָבן זיך אַלע דריי צעלאַכט.

ביים אַוועקגיין האָט אונדזער באַקאַנטער, נאָך אַלץ לאַכנדיק, אונדז אָנגעזאָגט:

— אַ צווייט מאָל זאָלט איר אייך נישט אַרויסלאָזן אויף אַן אויספלוג אין אונדזער שכונה — אָן אַ מדריך...

## וואַנדאַלן...

פון מיין שיכון־שטעטל איז מען מיט אַכט יאָר צוריק געפאָרן קיין תל־אָביב כמעט אַ האַלבע שעה. היינט — בלויז צוועלף—דרייצן מינוט.

דער נייער כביש האָט דורכגעשניטן אור־אַלטע פאַרוואַקסענע סטעטשקעס און אייזל־וועגן, אָפּגערוימט פון וועג אַלטע, טייל באַוווינטע, טייל פאַרלאָזטע אַראַבישע כאַטקעלעך, אויסגעהאַקט אַלטע טיף פאַר־וואָרצלטעביימער.

היינט איז שוין פון דעם אַלעם קיין זכר נישט געבליבן. פון ביידע זייטן ברייט אַספאַלטירטן שאָסיי דערהייבן זיך איצט הויכע שטאָקיקע בלאָק־הייזער, מיט געשעפטן, פיליאַלן פון בענק, רעסטאָראַנען, אויפן

כביש רוישן און טומלען פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין כל מיני אויטאָס. קינדער פּילן אָן מיט זייער געפּילדער און געשרייען די גאַס, וואָס האָט שוין אויף איר „אַקטיוו״ עטלעכע פאַלן פון וועג־קאַטאַסטראָפעס...

בענקט זיך אָפּט נאָך יענער „ווייטער פאַרגאַנגענהייט״ ווען דאָ פלעגן שוין אין די פריִ אָוונט־שעהען שאַקאַלן איבעררייסן די שטילקייט מיט זייערע האַרצרייסנדיקע געוויינען.

מיין שיכון ליגט נישט ווייט פון אָט דעם טומלענדיקן נייעם קוואַרטאַל.

פריִער פלעגט אָט די געגנט זיין דער ציל פון מיינע שפּאַצירגענג. די שמאָלע סטעטשקעס וואָס האָבן זיך דאָ געשלענגלט און זיך פאַרלוירן אין אומענדלעכער ווייטקייט ; די אַראַבישע פּאַסטושקע וואָס איך פלעג דאָ אָפּט טרעפן מיט אירע שאָף און די ברייטשטאַמיקע פון אַלטקייט איינגעקור־טשעטעביימער — זענען געווען ווי אַ באַלזאַם פאַר מיינע צעשרויפטע נערוון.

יעדעס מאָל, ווען אַ פרישער איבערפאַל פון אַ שכנישער מדינה אָדער אַ „ליבע־דערקלערונג״ פון אַ „פעלקער־פאַרברידערנדיקער״ מאַכט האָבן זיך צענטנערשווער געלייגט אויף מיין געמיט, בין איך אַנטלאָפן אין אָט דעם פאַרצייטיקן פרידן, דאָ, אין דער גרינער אור־ווילדער שטילקייט האָב איך דערפילט דעם אַראָמאַט פון חומש, דעם אָטעם פון גאָט. דאָ האָט דאָס בייז נישט געהאַט קיין שליטה, אַהער האָט קיין שנאה־פייל נישט געקענט דערגרייכן...

אין איינעם אַ טאָג, ווען איך האָב ווידער אונטערגענומען אַ שפּאַציר צו מיין „פאַרצייטנס״, בין איך שוין פון ווייטנס שטיין געבליבן אַ פאַר־ציטערטער ; אַ גרופּע אַרבעטער האָט מיט העק און האַקנס געריסן שטיקער פון אַ קליינער אַראַבישער כאַטקע (אַ צווייטע איז שוין געלעגן אַ צענומענע) אַנדערע צוויי אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט מיט דורכזעגן דאָס לעבן פון אַ טויזנט־יעריקן בוים... איך בין שטיין געבליבן ווי אַ פאַרגליווערטער, און נישט ווילנדיק האָט זיך פון מיינע ליפּן אַרויסגעריסן דאָס וואָרט :

— וואַנדאַלן !...

## צווישן לייוונט־געצעלט און וואָלקנקראַצער

צווישן די לייוונט־געצעלטן פון די כלערליי פעלקער אין די פאַר־שידענע לענדער, ביז צו די היינטיקע וואָלקנקראַצערס פון די זעלבע פעל־קער און אין די זעלבע לענדער — ליגט אַ צייט־אָפשניט פון מינדעסטנס דריי — פיר הונדערט יאָר.

און צווישן די לייוונטענע געצעלטן פון אונדזערע עולים חדשים און די צען און צוועלף שטאָקיקע „וואָלקנקראַצערס" אויף די ערטער פון יענע לייוונט־געצעלטן, ליגט אַ צייט־אָפשניט פון... צען—צוועלף יאָר.

אַ דרום אַמעריקאַנער דעפּוטאַט האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט אין אַן אינטערוויו פאַר אַ צייטונגס־רעפּאָרטער בזה הלשון: די צרה מיט אונדז באָליוויאַנער איז, וואָס אונדזער לאַנד האָט נישט דורכגעמאַכט קיין בהד־רגהדיקע נאָרמאַלע אַנטוויקלונג ווי די אייראָפּעיִשע אָדער צפון־אַמעריקאַ־נער לענדער. ביי אונדז איז מען אַן יעדן איבערגאַנג אַריבער פון דעם אייזל גלייך צום עראָפּלאַן...

לויט דער דאָזיקער מיינונג וואָלטן מיר געדאַרפט לערנען דעם פּשט, אַז אויך מיר, וואָס זענען אַן יעדן איבערגאַנג אַריבער פונעם לייוונט־געצעלט גלייך צום וואָלקנקראַצער, — אַז אויך מיר האָבן נישט דורכגעמאַכט קיין נאָרמאַלע אַנטוויקלונג...

לויט דער מיינונג פון יענעם באָליוויאַנער דעפּוטאַט ווענן „נאָר־מאַלער אַנטוויקלונג" וואָלטן מיר נאָך אונדזער ערשטער התישבות מיט עט־לעכע צענדליק יאָר צוריק אויף אַ פאַרוויסטער, פאַרזומפּיקטער און פאַר־ווילדעוועטער ערד — געדאַרפט קודם כל עטלעכע הונדערט יאָר רייטן אויף אייזלען ביז מיר וועלן דערגיין צו די ערשטע אויטאָבוסן אַלס קאָמוניקאַציע־מיטל, און ערשט נאָך ווייטערדיקע עטלעכע הונדערט יאָר זאָלן מיר דער־גיין צו די ערשטע עראָפּלאַנען.

מיר אָבער האָבן אַלע דריי תקופות (די אייזל־ אויטאָבוס־ און עראָ־פּלאַן־תקופה) אַבסאָלווירט אין איין אָטעם. ווי יענער ישיבה־בחור־עילוי,

וואָס איז געוואָרן אַן עקסטערן־סטודענט, האָט אין איין יאָר אויסגעלערנט די גאַנצע תורה פון אַלע אַכט גימנאַזיע־קלאַסן און געמאַכט דעם אַביטור־יענטן־עקזאַמען מיט אויסצייכענונג.

איז אַזאַ „שלינגען" קלאַסן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג?

ס'ווענדט זיך ביי וועמען. ביי אַן עילוי איז דאָס אַ גאָר נאָרמאַלע און אַפילו געזונטע דערשיינונג. ביי אַ „פאַרשטאָפּטן קאָפּ" אָבער איז אַזאַ איבערהיפּערן קלאַסן — אַ צרה. אַזאַ איינער דאַרף גיין פּאַמעלעך, שריט ביי שריט, שטאַפּל נאָך שטאַפּל, כדי צו דערגיין צו דער העכסטער מדרגה פון אַנטוויקלונג.

איז טאַקע אונדזער מזל, וואָס מיר זענען נישט קיין פאָלק פון פאַר־שטאָפּטע קעפּ, און האָבן זיך דעריבער געקענט דערלויבן אַריבערצושפּרינ־גען אַזוי פיל שטאַפּלען, און נישט נאָר אַריבערצושפּרינגען, נאָר אַריבער־פליען. ממש אַריבערפליען. דער „קפיצת־הדרך" פון אונדזער פאָלקס־לעגענדע איז ביי אונדז געוואָרן אַ נאַטירלעכע און נאָרמאַלע דערשיינונג.

איר וועט פרעגן הלמאי זענען מיר פלוצעם איינגעפאַלן מחשבות וואָס שמעקן מיט אַזעלכע אָפּגעשטאַנענע און בטלנישע באַגריפן ווי „ציוניזם", „חלוציזם" און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס זייער טייטש קען מען נאָך בלויז געפינען אין לעקסיקאָנס און ווערטער־ביכער...

אָבער יעדע זאַך האָט אַ פאַרוואָס: די אויבן אַרויסגעבראַכטע גע־דאַנקען זענען מיר געקומען אויפן זינען, ווען אין אונדזער שכונה איז פאַרטיק געוואָרן דער בוי פונעם ערשטן „וואָלקנקראַצער" און די ערשטע משפחות האָבן זיך אָנגעהויבן איין אים אַריינציִען.

אין אונדזער שכונה האָט דער דאָזיקער בנין מיט זיינע צען שטאָק כשר פאַרדינט דעם נאָמען „וואָלקנקראַצער". פונקט ווי אין ניו־יאָרק דער עמפּייר־סטייט־בילדינג, וואָס דערהייבט זיך מאַיעסטעטיש איבער די „פּשוטע" צוואַנציק־דרייסיק שטאָקיקע „הייזלעך", אַזוי דערהייבט זיך אונ־דזער היימישער וואָלקנקראַצער איבער די „אַלטפרענקישע", „פאַרצייטיקע", איינשטאָקיקע סוכנות־שיכונים („זקנים" וואָס האָבן שוין אַריבערגעשפּאַנט דאָס 10־טע לעבנס־יאָר...) און אויך איבער די שוין מער נישט מאָדערנע און נישט גאַנץ יונגע פיר־פינף יעריקע בתים־משותפים.

פון אַלע זייטן זענען מענטשן געקומען קוקן אויף דעם פּרעכטיקן בנין, מ׳האָט פאַרריסן די העלדזער צום העכסטן שטאָק, באַוווּנדערט די שיינע מאָלערישע באַלקאָנען, די ברייטע גרויסע געשעפטס-לאָקאַלן און דעם ברייטן ברוק לענגאויס דעם בנין.

איך בין געזעסן מיט מיין זעקסיאָריקן אייניקל אויף אַ באַנק אין דער שדרה, וואָס אַנטקעגן דעם נייעם וואָלקנקראַצער. איך האָב לאַנג גע־קוקט אויף דעם בנין, און דאַן געפרעגט ביים קינד:

— חיימל, זאָל איך דיר דערציילן אַ מעשהלע?

— אַ שיין מעשהלע, זיידע?

— גאָר אַ שיינס.

— פון אַלטע צייטן?

יאָ, מיין קינד, ס׳אַ מעשהלע וועגן אונדזער פּרעהיסטאָריע... איך וועל דיר דערציילן דאָס מעשהלע וועגן די „פּאַרצייטיקע” מענטשן, וואָס זענען אַהער געקומען פון ווייטע מקומות, און דאָ ווו עס שטייט איצט אָט דער וואָלקנקראַצער, האָבן זיי געהאַט אויפגעשטעלט זייערע לייוונט-געצעלטן; וועגן אָט די „ווינבונגען”, וועלכע די שטורעם-ווינטן פלעגן אָפט צעשטערן, די פאַרפלייצונגען אין ווינטער — אָוועקרייסן, און די שאַקאַלן פון אַרום פלעגן אין די פינצטערע נעכט קומען ביז צו די „טירן” פון די „ווינבונגען” און מיט זייערע שוידערלעכע יללות אָנוואַרפן אַ פּחד אויף גרויס און קליין...

— זיידע, דאָס מעשהלע איז טרויעריק.

— ניין, קינד, ווייטער גייט שוין פריילעכער.

— און ס׳האָט אויך נישט קיין טרויעריקן סוף?

— ניין, מיין קרוין, די טרויעריקע סופן וועלן שוין מער נישט קומען.

— טאָ דערצייל, זיידע.

— אַ מאָל איז געווען — — —

# ס אַ ב ר ע

איך שטיי ביי דיין צוקאָפּנס, מיין גוססדיקע אַלטע יידישקייט. אַן אויסגעמוטשעטע, אַ בלייכע, ליגסטו אויף דיין אַלטן היימישן געלעגער און ראַנגלסט דיך מיט די לעצטע כוחות מיטן טויט. אין דיינע אויגן לעשט זיך ביסלעכווייז אויס דאָס ליכט וואָס האָט אַזוי לאַנג געלויכטן, געוואַרעמט, געשטאַרקט. שטיל און איינזאַם פאַרגייסטו, מיין וווּנדערלעך־שיינע, טרויע־ריק־ליבע אַלטע יידישקייט. און צוזאַמען מיט דיר צעפאַלן זיך אויך די ווענט פון דיין אַלטער כאַטע, דיין נחלה — אַ ירושה פון זיידעס און עלטער־זיידעס. קליין איז זי געווען, אָבער די דעמבעס אין אירע ווענט זענען געווען אַזוינע פעסטע, און דער פונדאַמענט אַזאַ טיפער!

שטיל און איינזאַם פאַרגייסטו, באָבעניו. און דיר צוקאָפּנס שטייען דיינע אייניקלעך — יונגע, געזונטע, לאַכנדיקע און — פרעמדע.

אָ, דו מיין שטאָלץ אייניקל. דיין געלעכטער איז הילכיק, געזונט און — גויאיש. אין דיין געלעכטער פעלט דער באָבעשיס טרער, אין דיין טרער — איר שמייכל, דאָס צנועהדיקע יידישע שמייכל. אויף דיינע בלוט־און־מילך באַקן פעלט דאָס יידישע חן־גריבל, דאָס שוואַרצע חן־פינטעלע. אויף דיין גלאַטן שטערן איז נישטאָ קיין איין קנייטשעלע. דו ביזט אַזוי נישט־יידיש געזונט, אַזוי נישט־יידיש שיין. אין דיינע אויגן פעלן די צוויי פינטעלעך פון די משהלעך און שלמהלעך — יענע פונקלענדיקע שוואַרצע דיאמאנטן, דער אָפּגלאַנץ פון אַ ווייטער, רייכער, פאַרבאָרגענער וועלט.

ווי בין איך שטאָלץ מיט דיר, מיין אייניקל, דו ערשטע גרינע זריעה, אויפגעגאַנגען אויף אונדזערע קברים־פעלדער...

מיר האָבן דיך אויסגעבענקט, אויסגעחלומט, און איצט שטייסטו פאַר מיר אין דיין גאַנצער געזונטקייט, „נאָרמאַלקייט“. איך קוק אויף דיר, וויים, אַז דו ביזט מיין פלייש און בלוט, מיין יורש, נאָר פילן פיל איך עס נישט...

יצחק פאַנער

# לאַכן איז געזונט, אָבער...

דאָס ווערטל „לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן" האָט געמוזט געבוירן ווערן ביי אַ פאָלק וואָס האָט צו פיל געוויינט. וואָס דען האָבן אונדזערע דאָקטוירים געקענט פאַרשרייבן דעם קראַנקן, שוצלאָזן פאָלק, אויב נישט לאַכן? דאָס יידישע געלעכטער איז געווען אַ באַלזאַם פאַר די ווונדן און אַ כּלי־זיין קעגן אַלע פיינטלעכע פיילן, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט צו רעגענען אויף אים פון אַלע זייטן. ווער ווייסט צי וואָלט דער פּאַציענט אָן דעם מיטל גאָר אין גאַנצן אויפגעקומען?... האָט הויך געקלונגען דאָס יידישע געלעכטער — אויף זיך אַליין, אויפן אייגענעם פינצטערן גורל און אויף דער גאַנצער וועלט, און „זאָל אַ קרענק דער שונא וויסן, וואָס אין האַרצן קאָכט און ברענט".

זענען די צוויי עלעמענטן — געוויין און געלעכטער — געגאַנגען האַנט אין האַנט אין יידישן לעבן, נישט געטאָן קיין שפּאַן איינער אָן דעם צווייטן.

איצט שרייבן די דאָקטוירים פאַר אָפּצושאַפן אין גאַנצן דאָס וויינען. וויינען, זאָגן זיי, איז אַ מיאוסע גלות־קרענק. איז נידער מיט דער טרער. נישט מער וויינען, פאַרגעסן וואָס געווען. נישט מער באַוויינען די טויטע, נאָר באַזינגען די לעבעדיקע!

אָבער, די נייע דאָקטוירים פאַרגעסן, אַז דאָס אויפהערן באַוויינען די טויטע, מוז פירן דערצו, אַז מען זאָל אויך אויפהערן באַזינגען די לעבעדיקע. זיי זעען נישט איין, אַז ס'קען נישט געמאָלט זיין קיין געלעכטער אָן געוויין, ווי ס'קאָן נישט געמאָלט זיין טאָג אָן נאַכט, ליכט אָן שאָטן, אַז ביידע, געוויין און געלעכטער, שטאַמען פון איין מקור — דעם מענטשלעכן געפיל, דעם אורקוואַל פון ליבשאַפט — צו גאָט, צום מענטש, צו דער גאַנצער יצירה, דער אור־קוואַל פון אַלע מענטשלעכע אידעאַלן; אַז געלעכטער אַליין איז אַ פלאַכער טייך, אָן טיפקייטן, אָן ברויזנדיקע כוואַליעס, אָן שאָטנדיקע רוישנדיקעביימער ביי זיינע ברעגעס.

לאָמיר זיך איבערבעטן מיט דער אַלטער יידישער טרער. לאָמיר פון איר אַראָפּנעמען דעם חרם אין וועלכן מען האָט זי אַריינגעלייגט. און זאָל זי אונדז מוחל זיין, וואָס מ'האָט זי אַזוי פאַרשעמט און באַליידיקט. אָ, זי האָט זיך עס נישט פאַרדינט! אין די סאַמע שווערסטע צייטן איז זי געווען אונדזער טרייע באַגלייטערין. זי איז דאָך פאַרוועבט אין אַלע אונדזערע תפילות, אין אַלע אונדזערע פאָלקס־ און וויג־לידער, אין די שבת בין־השמשותן האָט זי באַגלייט דעם טאַטנס שלוש סעודות נגונים, געווען עדות פון דער מאַמעס שטילע זיפצן. און ווי וואָלט מען געקענט שרייבן די צוויי טויזנט־יעריקע יידישע געשיכטע אָן דער יידישער טרער?

לאָכן איז געזונט...

יאָ, זיכער, ס'וואָלט אָבער נישט געשאַט אַז אין דעם שפּרודלדיקן בעכער פון דעם נייעם יידישן געלעכטער פון אונדזער פרייער — שוין אַ ביסל צו פרייער — יוגנט, זאָלן אויך אַריינטריפן עטלעכע טראָפּנס יידישע טרערן — ווי אַ דעזינפעקציע־מיטל קעגן פאַרפלאַכונג און פאַר־גויאישונג...

# יידיש

אַז מ'האָט אונדזער לשון־קודש אויסגעגראָבן פון איר צוויי־טויזנט־יאָריקער איינבאַלזאַמירונג, איז זי געווען אַ מומיע ווי אַלע מומיעס, וועלכע קאָנסערווירן אַזוי לאַנג זייער אַמאָליקע פרישקייט און שיינקייט ווי לאַנג זיי זענען אונטער דעם דעקל פונעם אָרון הערמעטיש אָפּגעשלאָסן פון לע־בעדיקן היינט. אָבער ביים מינדסטן קאָנטאַקט מיט דער פרישער לופט, צערינט דער כישוף, צעפאַלן זיי זיך אין שטויב. אויב העברעיִש איז אין דעם פּרט געווען אַ יוצא מן הכלל, איז דאָס נישט געווען קיין נס, נאָר דער פּועל יוצא פון שטאַרקע כוחות, וואָס האָבן אַנטקעגנגעווירקט דעם דאָזיקן צעשטערונגס־געזעץ.

ווען די אויסגראָבונג פון העברעיִש וואָלט נישט געמאַכט געוואָרן דורך מזרח־אייראָפּעיִשע יידן, נאָר, למשל, דורך אַראַבישע אָדער ספרדישע,

וואָלט העברעיִש אין בעסטן פאַל געבליבן אַ פאַרשטענדיקונגס־מיטל, אַ מין עספּעראַנטאָ, אַ מעכאַניש וועדקצייג אָן פלייש און בלוט. די אוצרות פון תנ״ך האָט מען דאָך נישט געקענט צעבייטן אויף קליינע מטבעות פאַר די וויטאַלסטע הצטרכותן פון אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. און די דאָזיקע „מטבעות״ זענען דאָך דער עיקר אין דער צירקולאַציע פון אַ קולטור־ווירטשאַפט. ווען יידיש מיט איר טויזנט־יאָריקער קולטור וואָלט נישט באַ־לעבט די שטרענגע און פאַרגליווערטע ליפּן פון העברעיִש מיטן שלום עלי־כמדיקן שמייכל; נישט פאַרוויגט דאָס ניי־געבוירענע קינד מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען וויג־לידער; נישט געלערנט עס לאַכן פון די כעלמער; נישט דערציילט אים די וווּנדערלעכע מעשיות פון בעל־שם, פון ר׳ נחמן בראַצ־לאַווער, פון אליהו הנביא (יענעם היימיש־יידישן „עלי נאָווי״ וואָס האָט מיטן תנ״כישן אַ קנאַפּן שייכות) — דאַן איז אַ גרויסער ספק צי דער נס פון תחית העברעיִש וואָלט געשען.

אויף די טויזנט־יאָריקע יידיש־פעלדער איז דאָס נייע העברעיִש גע־בוירן געוואָרן און זיך געלערנט שטעלן די ערשטע טריט. פון יידיש זאַפּטן זיך גענערט, געטרונקען פון אירע לעבעדיקע פאָלקס־קוואַלן.

איצט ווילן זיי בויען אַ נייע אומאָפּהענגיקע העברעיִשע קולטור, אַ קולטור, אַשר לא ידע את גלות. די דאָזיקע כנענים, עברים, סעמיטן, און ווי זיי רופן זיך נאָך, פאַרגעסן אָבער, אַז קולטור הייסט אויך נוסח, שטייגער, הייסט פאָלקס־ליד און פאָלקס־מעשה, הייסט פאָלקס־געוויין און פאָלקס־געלעכטער. און אַזוינע „קלייניקייטן״ לאָזן זיך נישט פאַבריצירן ביי לינג־וויסטישע טישן, אין פילאָלאָגישע אינסטיטוטן, נאָר זענען אַ פּראָדוקט פון דורותדיקער פאָלקס־חכמה, דורותדיקער פאָלקס־שאַפונג. פרעגט זיך: מיט וועלכע אינהאַלטן רעכענען די דאָזיקע קולטור־פאַבריקאַנטן אויס־צופילן דעם חלל פון דער געפּסלטער טויזנט־יאָריקער יידיש־קולטור?

ווען ביי אַן אַנדער פאָלק וואָלט למשל אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ „הייליקן״ ציל אַרויסצוואַרפן פון דער נאַציאָנאַלער שאַצקאַמער אַלע גאָלדענע רענדלעך און זיי פאַרבייטן מיט קופּערנע מטבעות, וואָלט מען די אָנהענגער פון אַזאַ „באַוועגונג״ גע־האַלטן פאַר משוגעים, ביי אונדז אָבער — — —

## די רעגירונג אין גלות...

זיי זענען „די רעגירונג אין גלות", וואָס נעמט אַריין — ווי עס ווערט אויסגערעכנט — די פעלקער: „הכנעני, ואת הפריזי, ואת הגרגושי" א. אַ. וו. א. אַ. וו. ווי אויך די אַלע אַנדערע נישט־אויסגערעכנטע כנענים־פעלקער. מיט איין וואָרט: די רעגירונג אין גלות פון דעם לאַנד, וואָס איז איצט באַזעצט פון פרעמדע — פון די ציוניסטן.

דערווייל זענען זייערע אויסזיכטן צו באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד פון פרעמדער הערשאַפט נישט קיין גרויסע; דערווייל בושעוועט און וויל־דעוועט אין לאַנד דער פרעמדער אָקופּאַנט, און זי, די „רעגירונג אין גלות", (מיט דעם צייטווייליקן זיץ אין קאַפּע „כסית") האָט דערווייל נישט קיין מעגלעכקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן מיט כוח דעם אַלץ־וואַקסנדיקן אימיגראַציע־שטראָם פון די פאַרשידענע פרעמדע, וואָס פאַרפלייצן דאָס לאַנד און צעלייגן זיך דאָ ווי ביי זיך אין דער היים...

דערווייל זענען זיי נאָך שוואַך. אָבער די „באַוועגונג" וואַקסט, ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער, גרעסער. און די צייט איז נישט מער ווייט ווען זיי וועלן זיך שוין פילן אַזוי שטאַרק, אַז זיי וועלן קאָנען באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד פון די פרעמדע, און דאַן, אָ דאַן — — —

מ'דערקענט זיי אויפן ערשטן בליק, אָט די מיטגלידער פון דער „רעגירונג" — אין די אַנטי־יידישע פאַרריסענע נעז, אין די ביטול־בליקן וואָס זיי וואַרפן אַרום זיך, אויף דעם פרעמדן עולם „אימיגראַנטן", מ'דער־קענט זיי אין די לולקעלעך וואָס שטעקן ביי זיי עזותדיק אין די מויל־ווינקלען, און ביי אַ סך — אין זייערע שונאי־ישראלדיקע בערדלעך.

יאָ, זיי וואַרפן זיך באַלד אין די אויגן, אָט די „אביגלס", „צפוניהס", „תחילס", „ארגתס". זיי זענען אַזוי ענלעך צו די אַמאָליקע יידישע וולאַ־דיסלאַווס, געאָרגס, סטעפאַנס, שאַנדאָרס. די זעלבע פּנימער, נאָר אַ סך נאַרישער, אַ סך לעכערלעכער, און אויך אַ סך געפערלעכער ווי יענע...

יצחק פּאַנער

# זיי

אין אַלע לענדער, אין אַלע צייטן האָבן זיי זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אָנגעווענדט כלערליי מיטלען צו ווערן גויים, צו אַנטלויפן פון געטאָ, זיך אויסמישן, ווערן גלייך מיט אַלע. און יעדעס מאָל האָט מען זיי געכאַפּט און צוריקגעטריבן אין געטאָ אַריין.

גאָרנישט האָט געהאָלפן. נישט די גויאישע הלבשה, נישט די גויאישע נעמען, נישט דאָס גויאישע לשון, וואָס זיי האָבן אויסגעלערנט בעסער, גרינטלעכער ווי די גויים; נישט די עכט־גויאישע בערדלעך, וואָס זיי האָבן זיך פאַרלאָזט און זיך באמת, אַז זיי זאָלן אויסזען וואָס קריסטלעכער; נישט די גויאישע זיטן און מנהגים, וואָס זיי האָבן אָנגענומען; נישט די גויאישע לידער וואָס זיי האָבן געזונגען און נישט די גויאישע מאכלים, וואָס זיי האָבן געגעסן... מען האָט זיי תמיד און איבעראַל דערקענט און אונטער ווילדע געשרייען און שפּאָט־געלעכטערס פון גאַסן־פּעבל האָט מען זיי אַרויסגעטריבן פון דער גויאישער געמיינשאַפט — צוריק אין געטאָ אַריין.

ניין, קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. אַפילו נישט דאָס ווערן... אַנטי־סעמיטן און איבערשטייגן די גויים אין זייער יידן־שנאה...

נאָך מער: עס האָט אַפילו נישט געהאָלפן דאָס טויף־וואַסער פון גלח און די צלמלעך, וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן אויף די העלדזער: די זינד פון די עלטערן איז זיי נאָכגעגאַנגען ביזן דריטן און פערטן דור...

ניין, נישט געווען קיין אַנטרינען, קיין רעטונג.

איז גרויס געווען זייער פאַרביטערונג, טיף זייער צער...

און ענדלעך איז געשען דער גרויסער נס. איז געקומען דער גרויסער אויסגעחלומטער טאָג: — מדינת ישראל. דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, ווו קיינער וועט זיי נישט שטערן צו זיין גויים, זיי מער נישט דער־מאָנען זייער אָפּשטאַם... דאָ אין דעם לאַנד קאָן מען זיך פראַנק און פריי אויסלעבן אין דער אַלטער טראַדיציאָנעלער גויאישקייט, לעבן ווי פרייע, זעלבשטענדיקע, אומאָפּהענגיקע גויים; דאָ מעג מען וויפל דאָס האַרץ

גלוסט פיינט האָבן יידן און יידישקייט, נישט אַרויסרופנדיק דערמיט קיין חשד, ווי דאָרט... און וואָס עס איז נוגע עברית, איז אָט די שפּראַך ווי קיין אַנדערע אין דער וועלט נישט אַזוי געאייגנט זי צו באַלעבן מיט אַ גויאישן אָטעם...

נאָר די פרייד באַקומט נאָך נישט אין גאַנצן. עפּעס דריקט נאָך, פאַרדריסט: דאָס וואָס אין אויסלאַנד דאַרפן זיי נאָך פאַר יעדן גוי באַטאָנען און אונטערשטרייכן, אַז ישראלים און יידן — זענען צוויי באַזונדערע פעל־קער... עס פאַרדריסט, וואָס מען דאַרף דאָס ערשטע דערקלערן, וואָס מען ווייסט עס נאָך נישט אַליין...

## גויאישע בערד

ווען אַ פאָרשער וואָלט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אויסצופאָרשן די גענעאַלאָגיע פון... גויאישע בערד ביי יידן, וואָלט ער דערמיט נאָך נישט געלייזט דאָס יידישע פּראָבלעם, אָבער אַ גאַנצע ריי אינטערעסאַנטע אַנט־פּלעקונגען וואָלט אים אַזאַ סטודיע יאָ אַריינגעבראַכט. ביי אָט די פאָרשונג־אַרבעטן וואָלט זיך אונדזער פאָרשער אין דער ערשטער ריי אָנגעשטויסן אויף נייע ביז איצט נאָך נישט באַקאַנטע פאַרמען פון יידישן גלות־קאָמפּלעקס, פון יידישן זעלבסט־האַס.

דער וועג פון אונדזער „באָרד־פאָרשער" וועט גאָרנישט זיין קיין לייכטער, ער וועט דאַרפן זוכן די מקורות פון די דאָזיקע נישט־יידישע בערד אין פאַרשידענע לענדער פון די פאַרשידנסטע צייטן.

לויט אונדזער מיינונג שטאַמען די גויאיש־יידישע בערד פון יענע צייטן, ווען די באָרד האָט אָנגעהויבן ווערן מאָדע אין די העכערע קרייזן פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, ווען זי, די באָרד, האָט אָנגעהויבן אויפטויכן ביי געלערנטע, קינסטלער און מלוכה־מענער. האָבן יידן די דאָזיקע בערד איבערגענומען פונקט ווי זיי האָבן איבערגענומען די גויאישע שפּראַכן, קולטורן, זיטן און נעמען.

פאַרשטייט זיך, אַז ביים איבערנעמען די גויאישע באָרד האָט זיך געפּאָדערט אַ גאַנץ באַזונדערע פּאָרזיכטיקייט: אַז אין דער באָרד זאָל זיך, חס וחלילה, נישט אַריינכאַפּן קיין איינציקע האָר, וואָס זאָל דערמאָנען דעם אָפּשטאַם פון דעם באָרד־טרעגער... יעדער אומפאָרזיכטיקער שריט האָט געקענט פאַראַטן.

און איבערנעמען פון דער העכערער קריסטלעכער געזעלשאַפט אַלץ אַ חוץ די באָרד, האָבן די יידישע דייטשן, ענגלענדער, פראַנצויזן א. אַ. וו. — נישט געטאָרט צוליב כמה וכמה טעמים. ערשטנס, פאַראַט הייגט גאָרנישט אַזוי אַ יידיש פּנים ווי אַ גלאַט־ראַזירטע באָרד און וואָנסעס... צווייטנס, קאָן מען גראָד מיט דער באָרד אַמבעסטן דעמאָנסטרירן און באַטאָנען די נישט־יידישקייט: ס'איז אַ פּסיכאָלאָגישע אויסגערעכנטקייט, וואָס טרעפט תמיד אין פּינטל: דער גנב, וואָס באַהאַלט זיך אויס פאַר דער פּאָליציי, וועט זיך אין ערגעץ נישט פילן אַזוי זיכער און געשיצט ווי... אין אַ פּאָליציי־בנין.

זענען די גויאישע בערד ביי גויאישע יידן געוואָרן ווי מ'זאָגט, אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם וועזן, כאַראַקטער און נאַציאָנאַליטעט פון זייערע טרעגער. די באָרד פון קאַרל מאַרקס, למשל, איז אַזוי עכט דייטש, ווי די באָרד פון דאַרווין — ענגליש. אַזוי, אַז מאַרקס האָט זיך מיט אַ רויִקן געוויסן געקענט דערלויבן צו זיין אַן אַנטיסעמיט...

אָדער נעמט, למשל, די באָרד פון דעם אַ מאָל אַזוי באַרימטן און פּאָפּולערן אַפריקע־רייזנדן און נאַטור־פאָרשער עמין פּאַשאַ (איזאַק עד־וואַרד שניצער), זיין באָרד איז אַזוי עכט־דייטש, אַזוי „ריינראַסיק", אַז דער גרעסטער נאַציִשער ראַסן־מומחה וואָלט אין איר נישט געקענט געפינען קיין שמץ פון יידישקייט...

אָבער ווי זאָגט דאָס וווערטל: נישטאָ קיין כללים אָן אויסנאַמען. און טראַכטנדיק וועגן די אויסנאַמען וואָס זייער צאָל איז גאָרנישט קיין קליינע, פיל איך אַז איך פאַרפּלאָנטער זיך אין אַ נישקשהדיקן פּלאָנטער. און ס'טוט מיר שוין אין גאַנצן באַנק אויף דער גאַנצער מעשה, דאָס הייסט, וואָס איך האָב מיך אַריינגעלאָזט אין אַזאַ טעמע.

ווייל מיט וואָס קאָן איך למשל פאַרענטפערן די פּאָרטוגעזיש־גויאישע

באָרד פון מנשה בן ישראל; די רוסיש־גויאישע באָרד פון אַ שמעון פרוג, אָדער די ווינער־גויאישע באָרד פון טעאָדאָר הערצל?...

אָבער צו מיין פאַרענטפערונג מוז איך פאַרזיכערן אַז מיט דעם אויבן געזאָגטן בין איך מיך גאָרנישט מתכוון געווען זיך אַריינצולאָזן אין אַ סטודיע וועגן בערד. דאָס גאַנצע איז מיר נאָר געקומען אויפן זין, טראַכטנדיק וועגן אַ שפּאָגל־נייער סאָרט באָרד. אַ באָרד, וועלכע די „וויסנשאַפט" האָט נאָך ביז היינט נישט אויסגעפאָרשט, ניט געקענט נאָך אויספאָרשן, זיי זענען נאָך צו יונג, די דאָזיקע נייע סאָרט גויאישע בערד. מ׳ווייסט נאָך נישט פון וואַנען זיי שטאַמען, ווער ס׳זענען זייערע טאַטע־מאַמע, צו וואָסער נאַציע זיי געהערן. זיי האָבן נאָך נישט קיין אייגן פּנים, קיין אייגענע פיזיאָנאָמיע, קיין טראַדיציע. די „שפּראַך" וואָס אָט די בערד „רעדן" איז נאָך דערוייל נישט פאַרשטענדלעך. ס׳איז אַ מין נייער עס־פּעראַנטאָ, אַ געמיש פון פאַרשידענע גויאישקייטן...

בקיצור — דאָס זענען די נייע יונג־ישראלדיקע בערדלעך. די נייע „כנענים"־בערדלעך.

זיי זענען נישט דייטש־גויאיש, נישט ענגליש־גויאיש, נישט פראַנצויזיש־גויאיש און אויך נישט אַראַביש־גויאיש. זייער אייגענע גויאישקייט האַלט זיך ערשט אין אויספורעמען, אין אויסקריסטאַליזירן...

איין געמיינזאַמער שטריך צווישן די טרעגער פון די ישראלדיקע גויאישע בערד און די טרעגער פון די פאַרשידענע אַנדערע גויאישע בערד איז יאָ פאַראַן: אַלע האָבן זיי פיינט יידישע יידן, יידיש לשון און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט יידישקייט...

# מיט די אויגן פון א נייעם עולה

איך קום פון אַ לאַנד, ווו געוועזענע ציוניסטישע עסקנים ליגן שוין אין די תפיסות, אָדער זיי לעבן אין כסדרדיקער שרעק אַז אין אַ ליאַדע טאָג (ריכטיקער: אין אַ ליאַדע נאַכט), קאָן מען קומען און זיי אַוועקפירן צו זייערע אחים לצרה. נאָר ביז מ'ווערט אַהין אַוועקגעשיקט, דאַרף מען קודם אַדורכמאַכן די אַזוי באַרימט־געוואָרענע „אויספאָרשונגען”, וואָס ציען זיך וואָכן און חדשים. ביי די דאָזיקע „אויספאָרשונגען” פאַרלאַנגט מען פון דיר אַ „קלייניקייט”: דו זאָלסט זיך מודה זיין, אַז דו ביסט די גאַנצע צייט געשטאַנען אין געהיים־דינסט פונעם אַמעריקאַניש־פאַשיסטישן אימפּעריאַליזם און מיט דער הילף פון „דזשאָינט” און ציוניסטישן אונטערגרונט געפּלאַנט אַ פּוטש קעגן דעם פאָלקס־דעמאָקראַטשין רעזשים...

ביי אַזוינע „אויספאָרשונגען” קאָן טרעפן, אַז דיין אויספאָרשער זאָל זיין דער זעלבער „קוואַליפיצירטער” שלעגער, וועלכער האָט דיך שוין איין מאָל פאַר דער לעצטער וועלט־מלחמה, „פאַרהערט”, צווינגענדיק דיך, זיך מודה צו זיין אַז דו ביזט אַ קאָמוניסטישער שפּיאָן...

אַקעגן וואָס די דאָזיקע טרויעריקע דערמאָנונגען? אַקעגן דעם:

יעדער ייד, וואָס האָט אין יענע לענדער אַזוי טייער באַצאָלט פאַר זיין יידישקייט, פאַר זיין שיבת־ציון־חלום, פילט זיך, שטעלנדיק די ערשטע טריט אויף דער אַזוי אויסגעבענקטער ערד, ווי אַ פאַרלוירן קינד, וואָס האָט נאָך לאַנגע בלאָנדזשעדיגישן ענדלעך געפונען זיין היים, און ער וואַרט אַז די מאַמע זאָל אים אַנטקעגן לויפן מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און ער זאָל זיך אַ וואַרף טאָן אין די דאָזיקע אויסגעשפּרייטע אָרעמס און זיך אַראָפּוויינען פון האַרצן...

נאָר מיט דער מאַמען, דער אַלמנה בת־ציון, איז אין דער צווישנצייט פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. ווי נאָר זי האָט אויסגעוונען דאָס גרויסע געווינס, האָט זי באַלד איר אַלמנהשן טרויער־קלייט פאַרביטן אויף אַ העלן,

גענייט לויט דער לעצטער ככל הגויים מאָדע, און די גראָע האָר אירע אָנגעהויבן פאַרבן אויף טיציאַן־רויט...

שוין לאַנג פאַרקלונגען איז דאָס וויג־ליד, וואָס די אַלמנה בת־ציון פלעגט אַ מאָל זינגען איר בן־יחידל, היינט זיצט די מאַמע אין קאַפע־הויז מיט געפאַרבטע ליפּן און וויגט זיך צום טאַקט פון אַ נעגערישער דזשאַז־מוזיק...

שטאָט נאָך די אַלע וואַנדערונגען „דאָרט" צו געפינען דאָ, אין דער היים, אַ ביסל רו, הייבן זיך אָן פאַרן נייעם עולה וואַנדערונגען פון אַ נייעם כאַראַקטער: פון דער מעברה צו דער סוכנות, פון דער סוכנות צו דער לשכת עבודה, פון דער לשכת עבודה צו דער עיריה, פון דער עיריה צו דער עזרה־סוציאלית, פון דער עזרה־סוציאלית צוריק צו דער סוכנות, און דער פאַרכישופטער קרייז הייבט זיך אָן פון דאָסניי. אַזוי טעג, אַזוי וואָכן, אַזוי חדשים. אומעטום וואַרטסטו אָפּ אין די קאָרידאָרן „דיין" אומפאַר־מיידלעכן תור; איבעראַל נעמט מען דיך אויף העפלעך־קיל, אַמטלעך; איבעראַל הערט מען דיך אויס מיט אַ רוטינירטער געדולד — און מען שיקט דיך ווייטער...

דאָס פאַרלוירענע קינד קומט אַהיים מיט מידע אברים און מיט אַ פאַרוווּנדעט האַרץ. נייטיקט עס זיך אין אַ רויִק געלעגער, אין אַ פרישן טרונק פאַרן פאַרטרוקנטן גומען, אין אַ צערטלעכער האַנט פון אַ גע־טרייער מאַמע.

אָבער, אַז די מאַמע זיצט אין קאַפע — — — —

איך שפּאַן איבער די תל־אביבער גאַסן, סתם אַזוי, כדי נהנה צו זיין פון יידישע גאַסן, יידישע הייזער, יידישן גרויס־שטאָט־געטומל... גאַסן ברויזן און רוישן, אויטאָס און אויטאָבוסן שוועבן ווי באַזעסענע, די אַהין און די אַהער, יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע ווי זיי וואָלטן אַנטייל גענומען אין אַ געשווינדקייט־פאַרמעסט. מענטשן פוןביידע זייט גאַסן וואַרטן ביז דער פּאָליציאַנט (גאָט מיינער! אַן אייגענער, אַ יידישער פּאָליציאַנט!) אָדער דער ליכט־סיגנאַל וועלן אויף אַ רגע אָפּשטעלן דעם „פּאַרמעסט" און די מענטשן וועלן קאָנען אַריבערגיין אויף יענער זייט גאַס. איך שטעל מיך אָפּ פאַר אָפענע געשעפטן און באַוווּנדער די עלעגאַנץ, דעם לוקסוס,

די פאַרביקע געשמאַקפולע אויסלאַגן פון די שוי־פענצטער, אויסלאַגן, וואָס וואָלטן געמעגט איינשטיין אין די שענסטע געשעפט־קוואַרטאַלן פון באַרימטע וועלט־שטעט.

אַ יידישע גרויס־שטאָט. מען קאָן זי פאַרגלייכן מיט גרויסע שטעט פון גרויסע לענדער — שטעט מיט אַ טויזנט און צוויי־טויזנט־יעריקן „סטאַזש״. איך זוך אין דער געשיכטע פון מיין געוועזענעם היים־לאַנד אַ שטאָט וואָס זאָל זיין אין איין עלטער מיט תל־אביב. איך זוך און געפין. אָבער דאָס זענען נישט קיין שטעט, נאָר שטעטלעך, קליינע נישטיקע שטעטלעך, ענלעכע צו דערפער.

איך שפּאַציר איבער תל־אביבער גאַסן און לייען אויפשריפטן פון שילדן אויף געשעפטן, בענק, אינסטיטוציעס, נעמען פון גאַסן. שילדן און אויפשריפטן מיט יידישע אותיות! דאָס האַרץ קוועלט פאַר נחת און תענוג!

נאָר אָט איז אַ ריזיקער פאַרביקער קינאָ־פּלאַקאַט. דער נאָמען פון אַ האָליוואודער פילם. גרויסע בילדער און נעמען פון סטאַרעכעס, באַרימט מיט זייער סעקסאַפּיל, זייערע גט־רעקאָרדן און בעט־געשיכטעס. פילמען „פאַר יוגנטלעכע ביז 16 יאָר פאַרבאָטן״.

און אָט אַ צייטונגס־קיאָסק מיט אַרויסגעשטעלטע העברעישע אי־לוסטרירטע זשורנאַלן, מיט האַלב־נאַקעטע נקבות אויפן טיטל־בלאַט — פון באַרימטע פילם־סטאַרס, פון טענצערינס, אָדער „פאַרדינסטפולע״ שיינ־הייטס־קעניגינס... ווייטער איז די וואַנט באַהאַנגען מיט גראַשנדיקע בראַ־שורקעלעך פון ראָמאַנען אין המשכים, ראָמאַנען מיט פּיקאַנט־קיצלדיקע נעמען און פאָרנאָגראַפישע אינהאַלטן. דאָס אַלץ אין דער שפּראַך פון ישעיהו און יחזקאל, מיט אותיות, וועלכע מיליאָנען יידישע קינדער האָבן אין משך פון דורות איינגעזויגן צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך, כדי:

„אַז איר וועט קינדערלעך דעם גלות שלעפּן
אויסגעמוטשעט זיין,
וועט איר פון די אותיות כוח שעפּן, —
קוקט אין זיי אַריין״.

יידישע קינדער קוקן איצט אויך אַריין אין יידישע אותיות, נאָר דאָס פּייערל אויפן פּריפּעטשיק איז אויסגעגאַנגען...

# ער אויך?...

קנאַפּע פיר יאָר האָבן מיר מיט די ראַבינאָוויטשעס געוווינט אין איין שיכון־הויז, טאַקע טיר ביי טיר. מיר האָבן מיט דער פאַמיליע עולה געווען כמעט אין איין צייט, — עטלעכע חדשים נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. און אויך פון דעם זעלבן לאַנד זענען מיר געקומען. זיי, די ראַבינאָוויטשעס, פון אַ קליין מאָלדאַוויש שטעטל, און מיר — פון אַ בוקאָווינער שטעטל. ראַבינאָוויטשעס פאָטער איז אין דעם מאָלדאַווישן שטעטל געווען מרא דאתרא אַ סך יאָרן. זיין זון, מיין שכן, האָט אויסער־לעך געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ היינטוועלטישן, פאַקטיש אָבער איז ער געווען זייער פרום. געגאָלט די באָרד מיט אַ פּראָשעק, שטאַרק אָפּגעהיט יידישקייט, געצויגן דעם יחוס פון זיידעס און עלטער־זיידעס — שוחטים, דיינים, רבנים. ראַבינאָוויטש איז אויך געווען אַ הייסער וויזשניצער חסיד. קומענדיק אין לאַנד אַריין, איז זיין ערשטע נסיעה געווען — צום וויזש־ניצער רבין.

יעדן שבת איז ער מיט די צוויי יינגלעך, דעם 8־יעריקן בערעלע און דעם 6־יעריקן שלמהלע, געגאַנגען דאַווענען אין דעם אַשכנזישן שולעכל. די קינדער — מיט „עכטע" שוואַרצע יאַרמעלקלעך אויף די קעפּלעך.

אין איינעם אַ טאָג, זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז די ראַבינאָווי־טשעס האָבן פאַרקויפט זייער שיכון־דירה און זיך געקויפט אַ לוקסוס־וווינונג אין צפון פון תל־אביב. ס'איז אַלץ צוגעגאַנגען אין דער שטיל. אָבער מען האָט זיך דערוווּסט (און דערוווּסט האָבן זיך, ווי געוויינלעך, די שכנישע פרויען, און בתוכם אויך מיין פרוי) אַז דער פרוי ראַבינאָוויטשעס רייכע שוועסטערס פון אַמעריקע האָבן זיך צונויפגענומען כדי „איין מאָל פאַר אַלע מאָל" צו שטעלן די אָרעמע שוועסטער אויף די פיס.

זייט דעמאָלט — עס זענען שוין דערין דאָ אַ 11—12 יאָר — האָב איך זיי נישט געזען.

אַנומלט, קומענדיק פון אַן אָוונט, בין איך פאַרבייגעגאַנגען די העל־

באַלויכטענע און באַלעבטע דיזענגאָף־גאַס. פּלוצעם הער איך ווי פון די קאַפעהויז־טישלעך אויפן ברייטן טראָטואַר, באַגריסט מיך עמעצער, אָנ־רופנדיק מיין נאָמען.

איך בלייב שטיין, דריי אויס דעם קאָפּ צו די טישלעך פון וואַנען דאָס קול איז געקומען. אָבער נישט זעענדיק קיין איינציק באַקאַנט פּנים, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס האָט זיך מיר נאָר געדאַכט. קאָן זיין, האָב איך געטראַכט, אַז דאָס האָט מען גערופן אַן ענלעכן נאָמען.

און ווי איך וויל שוין ווייטער גיין, הייבט זיך אויף פון אַ טיש אַ יונגער־מאַן מיט אַ שוואַרץ בערדל און מיט אַ קליין ליולקעלע, וואָס שטעקט ביי אים קרימלעך אין רעכטן מויל־ווינקל. דער באַבערדלטער בחור קומט צו מיר צו, שטרעקט מיר אויס די האַנט און פרעגט: (אויף עברית פאַר־שטייט זיך):

— איר דערקענט מיך?

— ניין.

— איך בין ראַבינאָוויטשעס עלטערער זון.

— ווער, בערעלע? דו — בערעלע?!...

— וואָס חידושט איר זיך אַזוי? — שמייכלט ער — די צייט איז נישט געשטאַנען אויף איין אָרט, נו, איז מען אויסגעוואַקסן...

— יאָ... פאַרשטייט זיך... אָבער...

— וואָסזשע חידושט איר זיך? — — —

אַוועקגייענדיק פון אים, זיצנדיק שוין אין אויטאָבוס אויפן וועג אַהיים, האָב איך מיך נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו חידושן:

ער אויך? — האָב איך מיך נישט געקענט באַרויקן — ער, אַן אייניקל פון אַ קליינשטעטלדיקן מאָלדאַווישן רבי, אַ זון פון אַ פרומען יידישן טאַטן, אַ וויזשניצער חסיד — ער אויך מיט אַ בערדל?...

# אַ קידוש נוסח ש. שלום

נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות האָבן יידן ענדלעך זוכה געווען צו האָבן אייגענע דאַטשעס, קור־ערטער ווו אַלע — דאַטשע־באַזיצער, קור־געסט, קעלנערס, קוכערס, באַדינערס — זענען יידן. דאָס איז דאָך אַ גליק, וואָס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן!...

דאָס פאָרן אויף דאַטשע איז דאָך אייגנטלעך פון קדמונים געווען אַ יידישער מנהג, וואָס די גויים האָבן ערשט קוקנדיק אויף אונדז, אָנגעהויבן איינצופירן אויך ביי זיי...

אין די לעצטע יאָרן פלעגט מען שוין טרעפן אין די פול געפּאַקטע „יידישע" וואַגאָנען אויך גויים, וואָס זענען געפאָרן אויף דאַטשע. וואָס האָט מען געקענט טאָן מיט זיי? אַרויסוואַרפן האָט מען זיי נישט געקאָנט, מען איז דאָך פאָרט געווען אין גלות...

פלעגט מען מוזן אַראָפּשלינגען די גיפטיקע בליקן און די שטעך־ווערטלעך פון די שונאי־ישראל, וואָס האָבן זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די בערג פעקלעך, בינטלעך, קויבערס און בעטגעוואַנטן, וואָס יידן האָבן מיטגעשלעפּט אויף די דאַטשעס.

און פאָרן אויף דאַטשע האָט מען דאָך געמוזט. צי מען האָט יאָ גע־האַט צי נישט געהאַט פון וואַנען. דער מאַן האָט געמעגט אויסגעריסן ווערן אין זיין קראַם, יעדן מאַנטיק און דאָנערשטיק זוכן אַ גמילות־חסד אויף צו דעקן אַ וועקסל, נאָר אַז עס איז געקומען דער זומער־סעזאָן האָט ער דאָס ווייב געמוזט שיקן אויף אַ דאַטשע. צוליב כמה טעמים: ערשטנס, צוליבן קרעדיט... צווייטנס, צוליב זיין אייגן געזונט: ווייל טאָמער וואָלט דעם שכנס ווייב געפאָרן און „זיינע" נישט, וואָלט זי אים דערגאַנגען די יאָרן

אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר... און דריטנס — כדי נישט צו ברעכן אַן אַלטן יידישן מנהג...

*

יענע צייטן זענען שוין היינט געשיכטע. די היינטיקע ישראל־דאָ־טשעס דערמאָנען מיט גאָרנישט די אַמאָליקע, ווען דאָס דאַטשע־פיבער האָט אַריינגעכאַפּט יידישע שטיבער שוין מיט אַ סך וואָכן פאָרן; ווען יידישע פרויען האָבן באַלאַגערט די שניידערינס, מאָדיסטקעס, פריזי־רערינס; געלאָפן יעדן טאָג צו אַן אַנדערער „פּראָבע", אָפּגעהאַלטן וויכטיקע באַראַטונגען מיט שכנים, געפּרעגלט איינגעמאַכצן, געפּאַקט וואַליזעס.

ניין, נישטאָ מער יענע דאַטשעס און נישט יענע דאַטשניקעס. היינט בייט מען נישט קיין טואַלעטן, מען פּרעגלט נישט קיין איינגעמאַכצן, מען פּאַקט נישט קיין וואַליזעס. דער היינטיקער דאַטשע־פּאָרער וואַרט בלויז אָפּ זיין חופש, און ער פּאָרט אין דעם בית־הבראה, וועלכן די קופּת־חולים, אָדער ער אַליין באַשטימט פאַר אים, און גרייטן זיך אין וועג אַריין דאַרף מען ביי אונדז נישט. דער גאַנצער „וועג" פון דער היים ביז צו דער דאַטשע געדויערט בלויז איין, צוויי אָדער העכסטנס — דריי שעה.

און קומען אויף אַ בית־הבראה אויסגעפּוצט און אויסגעסטראָיעט, היט מען זיך ביי אונדז, כדי נישט אויסצוזען לעכערלעך, פּראָווינציעל, אַלטמאָדיש... ביי אונדז פּאָרט מען אין זעלבן קליידל, וואָס מען טראָגט יעדן שבת, די זעלבע הויזן מיטן זעלבן אָן־אַרבלדיקן העמד, וואָס מ'גייט נאָך דער אַרבעט אין אַ קינאָ. אויב דער בית־הבראה ליגט אין די גלילער אָדער ירושלימער בערג, נעמט מען העכסטנס מיט אַ וואָל־סוועטער אָדער אַ רעקל פאַר די קילע אָוונטן. און דער גאַנצער באַגאַזש באַשטייט פון אַ קליין רענצעלע, פאַר אַ פּידזשאַמע, רעזערוו־וועש, אַ האַנטוך. דאָס איז אַלץ.

יאָ, די יידישע מדינה האָט אין גאַנצן אַ תל געמאַכט פון דער אַמאָליקער דאַטשע־ראָמאַנטיק. די ישראל־דאַטשע איז אַזוי רעאַל, אַזוי פּשוט און וואָכעדיק ווי אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן.

דער רוב קור־געסט פון מיין בית־הבראה איז באַשטאַנען פון ותיקים, וואָס זענען שוין אין לאַנד 20, 25 און 30 יאָר, וואָס זענען געקומען אין לאַנד אַריין אַלס יונגע ייגנלעך און מיידלעך. ס'זענען אויך געווען

יונגע עולים חדשים, וואָס האָבן אין די פינף־זעקס יאָר שוין באַוויזן זיך איינצווואָרצלען אין לאַנד און אין דער העברעיִשער שפּראַך און האָבן גערעדט עברית נישט ערגער (אַ סך — אַפילו בעסער) פון די וותיקים. כמעט אַלע געסט האָבן געשטאַמט פון רוסלאַנד, ליטע, פוילן, ווו יידיש איז געווען זייער מאַמע־לשון. איז דאָס עברית, וואָס מ׳האָט דאָ גערעדט געווען אַ היימישע, פאַרביקע און עלאַסטישע, דורכגעזאַפּט מיט זאַפטיקע יידישע ווערטלעך, באַהויכט פון אַן עכט־יידישן הומאָר. מ׳האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז מ׳רעדט יידיש אויף העברעיִש...

אין די וואָכעדיקע טעג זיצן די געסט ביי קליינע טישן פונעם גרויסן חדר־האוכל, ווי אין רעסטאָראַן. אין די פרייטיק־צו־נאַכטן און יום־טובים ווערן די טישלעך צונויפגערוקט און מ׳מאַכט צוויי־דריי לאַנגע רייען, ווי ביי פייערלעכע מסיבות. פרייטיק־צו־נאַכט האָבן אויף די ווייס־געדעקטע טישן געפינקלט פלעשער ווין און איידער מ׳האָט דערלאַנגט די עכט־יידישע געפילטע פיש, האָט דער דאַטשע־לייטער אַ קלאַפּ געגעבן אין טיש און געפרעגט, ווער עס מעלדעט זיך פרייוויליק צו מאַכן קידוש... אָבער דערויף איז קיינער קיין בעלן נישט געווען. צי מ׳האָט נישט געקענט, צי מ׳האָט זיך געשעמט, איז נישט באַוווּסט, אָבער נאָך עטלעכע מאָל איבער־חזרן די פראַגע איז קיין ענטפער נישט געקומען. דער לייטער פאַרשווינדט אויף עטלעכע מינוט און קומט צוריק מיט אַ ספרל אין האַנט. ער נעמט זיך מישן. מ׳איז זיכער, אַז דאָס איז אַ סידורל און דאָס מישט ער אויף דעם קידוש, וועלכן ער איז אַליין געצוווּנגען צו מאַכן. און אָט האָט ער שוין אויפגעמישט און ער הייבט אָן „זאָגן״, הויך אויף אַ קול — אַ „קידוש״ געשריבן פונעם העברעיִשן דיכטער ש. שלום. דער דאָזיקער „קידוש״ רופט אַרויס שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און דער עולם נעמט זיך עסן.

דער „קידוש״ אין פערזן און גראַמען איז אָבער גאָרנישט געשטאַנען אין סתירה מיטן „אַלטפרענקישן״ עכט יידישן טשאָלנט, וואָס מ׳האָט שבת צו מיטאָג דערלאַנגט צום טיש. באַלעקנדיק זיך מיט די פינגער פון אָט דעם נאַציאָנאַלן מאכל, האָט זיכער יעדער ביי זיך געטראַכט, אַז ס׳איז גאָרנישט אַזוי שווער צו זיין אַ ייד — אַפילו אויף אַ יידישער דאַטשע אין ישראל...

יצחק פאַנער

# אויף צו באַרויִקן די נערוון

ווי באַוווּסט, איז אונדזער מדינה נישט איינע פון די גרעסטע און אויך נישט איינע פון די רייכסטע אין דער וועלט. דערפאַר אָבער איז זי שוין גאָרנישט אַזוי אָרעם אין — גרענעצן. מיר מעגן זיך רויִק „באַרימען״, אַז מיר האָבן מער גרענעצן ווי לאַנד... און נאָך וואָס פאַר גרענעצן! ווען מ׳זאָל אויספאָרן אַ גאַנצע וועלט וועט מען נישט אָנטרעפן אַזוינע וווּנדער־לעכע גרענעצן ווי ביי אונדז. ביי „לייטן״ איז אַ גרענעץ אַ טייך, אַ באַרג, אַ בריק, אַ שטיק פעלד אויף וועלכן מען שטעלט אַוועק אַ סלופּ. ביי אונדז ווען מען זאָל וועלן אַוועקשטעלן סלופּעס אויף אונדזערע גרענעצן, וואָלטן נישט געסטייעט אַלע אונדזערע וועלדער. אויף אונדזערע גרענעצן קאָן מען קומען קוקן ווי אויף זעלטענע חידושים. ביי אונדז קאָן, למשל, געמאָלט זיין אַז אַ הייזל זאָל שטיין אויף דער ישראל־טעריטאָריע און דער באַלקאָן זאָל זיך שוין געפינען — אין אויסלאַנד. מען זאָגט, אַז אין ירושלים איז פאַראַן אַ הויז מיט צוויי דירות. איז דער באַוווינער פון איין דירה אַ בירגער פון ישראל, און דער צווייטער — פון עבר־הירדן...

ניין, וואָס שייך גרענעצן האָבן מיר זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן. דערפאַר טאַקע גייט אונדז אַזוי אין לעבן אויפצושטעלן אויף אונדזערע גרענעצן וואָס מער ישובים. ישובים אויף גרענעצן זענען די זיכערסטע פעסטונגען. יעדער נייער פּונקט אויף אַ גרענעץ פאַרמינערט די סכנה. שטאַרקט אונדזער זיכערקייט.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן קיבוצים, דערפאַר, אָבער אַז מ׳טרעפט אויף אַ גרענעץ נישט קיין קיבוץ, נישט קיין דאָרף, און נישט קיין מילי־טערישן פּונקט, נאָר אַ ישוב פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, בלייבט מען שטיין אַ געפּלעפטער — — —

איך גיי נאָך דעם מיידל, דער באַדינערין פונעם בית־הבראה, וואָס פירט מיך אין מיין צימער. דער בית־הבראה ליגט אויף איינעם פון די ירושלימער בערג, עטלעכע מינוט אויטאָבוס־וועג דרומדיק פון דער שטאָט.

די נידעריקע און לאַנגע שטיין־בלאָקן מיט צען־צוועלף צימערלעך אין יעדן בלאָק, ליגן טעראַסנאַרטיק אויף אַ באַרג־שפּוע, ווי אויסגעהאַקט פון די פעלדזן־בערג. פון איין בלאָק צום צווייטן פירן שטיינטרעפּ. איך גיי נאָך דעם מיידל באַרג־אַראָפּ. מיין בלאָק־הויז איז דאָס סאַמע לעצטע פון באַרג־שפּוע. אונטן ציט זיך אַ טיפער וואַדי. פאַר די פענצטער פון מיין צימער באַמערק איך אַ שטעכל־דראָט צוים, וואָס ציט זיך לענגאויס אַלע בלאָקן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שטעכלדראָט ? — פרעג איך דאָס מיידל.

— דאָס איז די גרענעץ — ענטפערט זי גאַנץ רויִק.

ס׳ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן...

— אויב אַזוי, — זאָג איך מיט גאַל — דאַרפט איר מיר אין איין וועגס אויך ברענגען אַ ביקס און אַ רשימה ווו עס איז אויסגערעכנט ווען יעדער קור־גאַסט דאַרף אויפשטיין צו גיין אויף שמירה...

— אין דבר — זאָגט דאָס מיידל — איר מעגט זיין רויִק. אַהער קומען זיי נישט.

— ווער ?

— די אַריינדרינגלער.

— פון וואַנען בין איך זיכער אַז זיי וועלן א צ י נ ד נישט קומען ? אויף מיין שיין פּנים קוקנדיק ?...

— ניין, האַלט זיך דאָס מיידל ביי אירן — אַהער קומען זיי נישט, ווייל... איר זעט יענעם שאָסיי ? — ווייזט זי מיטן פינגער ?

איך בייג מיך אַרויס פונעם פענצטער אין דער ריכטונג ווו זי ווייזט מיר. נישט זייער ווייט פון דאַנען שלענגלט זיך אַ שאָסיי, באַלעבט פון אויטאָס, אויטאָבוסן, לאַסט־אויטאָס.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שאָסיי ?

— דאָס איז „זייער״ שאָסיי — דערקלערט מיר דאָס מיידל — ער פירט פון דער אַלט־שטאָט קיין בית־לחם. דעם דאָזיקן שאָסיי האָבן זיי ערשט געבויט נאָך דעם ווי דעם אַלטן וועג (איבער תלפיות, רמת רחל), האָבן מ י ר פאַרכאַפּט. מיר קענען, זאָגט דאָס מיידל, יעדע רגע דעם דאָזיקן „בורמא־וועג״ זייערן צעשטערן און אָפּשניידן די איינציקע פאַרבינדונג

צווישן דער אַלט־שטאָט מיט בית־לחם. דאָס ווייסן זיי גאַנץ גוט. דעריבער טשעפּען זיי אונדז נישט אויף דעם שטח.

די זאַך האָט זיך געלייגט אויפן שכל, איז מיר געפעלן געוואָרן... איך האָב מיך באַרויִקט, אַוועקגעלייגט מיינע זאַכן און בין אַרויס אין דרויסן. בערג און טאָלן, בערג אויף בערג. אַקעגן בית־הבראה, אויף אַ באַרג ליגט אַ דאָרף.

— דאָס איז דאָס ירדנישע דאָרף צור־בחר — דערקלערט מיר איינער פון די לייטער. און דרומדיק פון זעלבן באַרג — אַ צווייט דאָרף: דער קיבוץ רמת־רחל. די פעלדער פון ביידע דערפער קומען זיך כמעט צונויף. איך צווישן די ביידע דערפער הערשט שלום. עס באַשטייט צווישן זיי אַ שטומער, נישט געחתמעטער נישט־אָנגריף־אָפּמאַך: טשעפּע מיך נישט וועל איך דיך נישט טשעפּען...

אין דער זעלבער ריכטונג, ווו דער אַראַבישער וועג שלענגלט זיך און פאַרשווינדט הינטערן באַרג פון צור־בחר, צווישן גראָ־בלאָע בערג, לויכט־אויף אין דער מאָרגנזון אַ ברייטער בלויער פּאַס — דער סאַמע צפונדיקסטער טייל פון ים־המלח.

שפּעט ביי נאַכט, ווען אַלע ליכטער פון בית־הבראה זענען שוין פאַרלאָשן, און די קורגעסט, מידע פון אַ גאַנצן טאָג רוען און עסן, ליגן שוין אין די בעטן, הערן זיי נאָך לאַנג דאָס בילן פון הינט און דאָס קרייען פון הענער פונעם דאָרף צור־בחר. זיי ווירקן באַרויִקנדיק אויף די נערוון. דו פאַרגעסט אין גאַנצן, אַז דאָס זענען פּיינטלעכע הינט און פּיינטלעכע הענער — און דו לאָזט זיך פון זיי פאַרוויגן אין שלאָף, ווי דאָס וואָלטן געווען אייגענע...

ניין, נישטאָ קיין זיכערער און נערוון־באַרויִקנדער קוראָרט אין ישראל ווי אָט די גרענעץ־דאָטשע...

1955

# באַרגלופּט־קוראָרט צפת

אַ שטאָט פון שטיין. שטיינערנע מויערן און פּאַרקנס, שטיינערנע הייזער, שטיינערנע טרעפּ. הונדערטער, טויזנטער טרעפּ. טרעפּ פון גאַס צו גאַס, טרעפּ פון הויז צו הויז און טרעפּ — אַפילו דאָס איז אין צפת נישט זעלטן — פון איין שטוב צו דער צווייטער. צפת איז ענלעך צו... ווענעדיק — מיט איר שאַרפן קאָנטראַסט: דאָרט שווימט מען פון איין גאַס צו דער צווייטער, דאָ — קלעטערט מען. אין צפת, אַז דו גייסט אַ שעה שפּאַצירן, מוזטו דערנאָך אַ האַלבן טאָג ליגן כדי צו שעפּן כוחות פאַר ווייטערדיקע „שפּאַציר־געגנג". צפת איז דאָס בעסטע מיטל אויף צו פאַרלירן וואָג. איז טאַקע אַ גרויס חידוש וואָס די דאָקטוירים האָבן אָט די שטאָט נאָך נישט אַנטדעקט ווי אַ קוראָרט קעגן פעטלייביקייט, וואָס דאָ זענען נאָך נישט אויפגעשטעלט געוואָרן קיין אָפּמאָגערונגס־סאַנאַטאָריעס. פּאַציענטן פון אַזוינע הייל־אַנשטאַלטן וואָלט מען בלויז געדאַרפט פאַרשרייבן צוויי מאָל אין טאָג אַ שפּאַציר צו דער שול פונעם אר"י הקדוש. נאָך אַזאַ טעגלעכער „קור" פון עטלעכע הונדערט טרעפּ, וואָלטן די פּאַציענטן נאָך צען טעג אַהיים געפאָרן פולשטענדיק געהיילטע, דאָס הייסט, מאָגער ווי אונדזערע תימנער יידעלעך...

נאָר ביז וואָס־ווען פאָרן דערווייל קיין צפת מענטשן, וואָס נייטיקן זיך בכלל נישט אין קיין אָפּמאָגערונגס־קורן. אָט, למשל, האָט דעם זומער פאַרבראַכט אין צפת מיט זיין בלאָנדער לעבנס־באַגלייטערין אונדזער באַקאַנטער שריפטשטעלער יחיאל האָפער, וועמען די דאָקטוירים האָבן זיכער נישט פאַראָרדינירט צו קלעטערן אויף די צפתער בערג (און טרעפּ)... און אָט האָט אויך דעם זומער פאַרבראַכט זיין אורלויב אין צפת דער סעקרעטאַר פון יידישן שרייבער־פאַראיין, וועמען מען וואָלט געקענט „חושד" זיין אין יעדער קראַנקהייט אין דער וועלט, אַחוץ פעטלייביקייט. און אויך די מחברין פון „אויף דער אַרישער זייט", חיה עלבוים־דאָרעמבוס, מיט איר „צענטראַלן העלד" — ישראל, און איר באַטעמט טעכטערל רות, וואָס

**קיינער פון די דריי לײדט, חלילה, נישט פון דער אויבנדערמאָנטער מחלה, האָבן זיך היי־יאָר געלאָזט ווײלגיין אין צפת.**

**ווי מיר זעען דאַרף מען דאָס אויבן געזאָגטע נישט ערנסט נעמען. אין דער אמת איז צפת אַ קוראָרט פאַר אַלע. יעדער קאָן דאָ געפינען וואָס ער זוכט. צי עס פאָרט עמעץ אַוועק פון צפת גרינגער אין וואָג, איז אַ גרויסער ספק, זיכער איז אָבער אַז די מײנסטע פאָרן פון דאַנען אַוועק שווערער — אין אײנדרוקן. און אײנדרוקן אין צפת קאָן מען שעפּן מיט פולע עמערס. צפת קאָן מען מיט רעכט אָנרופן די ישראלדיקע שווייץ. און אויב אין די צפתער בערג שפּרודלען נישט קיין קוואַלן, און עס רוישן נישט קיין וואַסער־פאַלן. שפּרודלען אָבער דאָ קוואַלן פון אַן אַנדערן מין. פון די צפתער קוואַלן האָט נישט איין דאָרשטיקער געטרונקען, נישט איין פּאָעט האָט צו זײ געזונגען זײנע באַגײסטערטע אָדן.**

אין דײנע פענצטער פלאַקערט שלמה מולכו אויפן שײטער, —
כ׳האָב אויך אַ מאָל געפלאַקערט אָט אַזוי אין מיטן גאַס.
אַצינדער בין איך אָפּגעשפּיגלט אינעם בלאָ פון צפת,
אויף אַ דאַך מיט גאָלדיק־רויטע קרײטער.

(אַ. סוצקעווער — „זונפאַרגאַנג אין צפת״)

**און אַ צווייטער, גאָר גרויסער פּאָעט, וואָס האָט זיך אויף זײנע וואַנדערונגען אַ ווײלע אָפּגעשטעלט אין צפת, האָט געזונגען:**

איר מײנט אַז דער אר״י איז טויט?
אָט זע איך אים דאָך צווישן אײך,
און זײנע אויגן לײכטן קלאָר
ווי שטערן אין אַ שטילן טײך

(איציק מאַנגער — „צפת״)

**אַזוינע קוואַלן און ריטער וואָס באַזינגען זײ, האָבן די שווייצער באַרג־קוראָרטער נישט. די מיסטישע פײערן וואָס זענען מיט פיר הונדערט יאָר צוריק אָנגעצונדן געוואָרן אין צפת, האָבן זיך מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין מיליאָנען יידישע הערצער פון מזרח־**

איראָפּעיִשע יידישע שטעט און שטעטלעך — אין דעם נייעם גלגול פון חסידות. פון צפת האָט דער וועג זיגזאַגיש געפירט ביז צו דעם פּאָדאָלישן מעזשבעזש. נישט אומזיסט זענען אַזוי פיל בעש״ט־לעגענדעס פאַרבונדן מיט בערג...

ווי־זשע קאָן נאָך דער באָדן זיין פרוכפּערדיקער ווי די שטאָט פון מיסטיק און לעגענדע? ווי די שטאָט, וואָס ליגט אַן איזאָלירטע, אַרומגע־רינגלט פון אורווילדע בערג און טאָלן, וואָס שפּילן־אויס יעדע שעה פון טאָג אַן אַנדערע סימפאָניע פון פאַרבן!

## דער כוח פון אַ יידישן קידוש

דאָס בית־הבראה ליגט אין די הרי־יהודה, עטלעכע הונדערט מעטער איבערן ים־שפּיגל און דערמאָנט אַ ביסל מיט איר געאָגראַפישער לאַגע די באַרג־קורערטער פון די אַלטע איראָפּעיִשע היימען. (אַחוץ פאַרשטייט זיך, אין די חמסין־טעג...).

דער עס־זאַל מיט זיינע נעבן־בנינים ליגט אין אַ געדיכט וועלדל. שוין פון וייטן שלאָגט דיר אַנטקעגן אַ שאַרפער ריח פון סאָסנעס און וואַלד־סמאָלע. ס׳פאַרשמעקט מיט שוואָמען און יאַגדעס... די ברוסט אָטעמט פריי און טיף. און כאָטש מיר געפינען זיך אַזוי נאָענט פון ירושלים, זעט מען נישט פון דאַנען־אויס די שטאָט. זי איז אין גאַנצן פאַרשטעלט פון בערג.

פאַר אונדזערע אויגן שפּרייטן זיך אויס, ווי ווייט דאָס אויג גרייכט, בערג און טאָלן, שלוכטן און וואַדיס, די נאָענטסטע פון זיי געהערן נישט צו אונדז, זיי זענען שוין „אויסלאַנד״.

די קלאָרע, דורכזיכטיקע ארץ־ישראל לופט, מאַכט איבעריק די בעסטע טעלעסקאָפּן: ווייטקייטן ווערן נאָענט, כאָטש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. דעם ים־המלח זעט מען אין די מאָרגנשעהען אַזוי קלאָר און בלוי, און אַזוי נאָענט ליגט ער פאַר אונדז, אַז מ׳וואָלט אים, ווייזט זיך אויס,

געקענט דערגרייכן נאָך אַ קורצן שפּאַציר־גאַנג. בערג און טאָלן און אויך דער טייל ים, וואָס פאַר אונדז, זענען פיינטלעך געביט. זיי ווייסן אָבער אַפּנים נישט דערפון. שמייכלען זיי צו אונדז, ווינקען אונדז צו פון ווייטן, לאַדן אונדז איין. און דאָס זשעדנע אויג נעמט אָן די איינלאַדונג, דרינגט טיף אַריין אין שונאס לאַנד און געניסט זיינע נאַטור־שיינקייטן, ניט אָנ־שטויסנדיק זיך אויף קיין שום ווידערשטאַנד מצד דעם לעגיאָן... און אויך די פייגל, די באַפליגלטע „אַריינדרינגלער", פליען פראַנק און פריי אַהין און צוריק. ווילן אונדז איבערצייגן אַז דער „דאָ" און דער „דאָרט" איז איין וועלט, די זעלבע בערג, דער זעלבער הימל, די זעלבע דורכזיכטיקע לופט; אַז אַן אייביקער טיפער שלום הערשט צווישן זיי... פילט מען זיך טאַקע אין אַט דער שטילער און ווילדער לאַנדשאַפט אַזוי פריי און זיכער, ווי מען וואָלט זיך געפונען טויזנטער מייל פון אַ פיינטלעכער גרענעץ. אַזעלכע זאַכן ווי: אַריינדרינגלער, מאָרד־אַקציעס, האַרמאַטן, מינעס, וואָפנ־שטילשטאַנד־קאָמיסיעס — דאָס אַלץ זענען בייזע חלומות, וואָס מען חלומט טאָג איין און טאָג אויס, בלויז אין דעם ווייטן טומלענדיקן תל־אביב... דאָ אָבער, אין דער פרידלעכער אור־לאַנדשאַפט, קאָנען אַזוינע זאַכן נישט געמאָלט זיין...

דאָ פילט זיך דער קור־גאַסט ווי ניי־געבוירן. יעדער, וואָס איז אַהער געקומען פון „יענער וועלט", האָט, ווי יעדעס בשמהלע, וואָס דאַרף געבוירן ווערן, זיכער באַקומען דעם באַוווסטן שנעל אין דער נאָז — כדי צו פאַרגעסן אַלץ וואָס „דאָרט" איז געווען: דאָס אויפשטיין פאַרטאָג צו דער אַרבעט, די איבערגעלאָדענע אויטאָבוסן, די פאַבריקן, משרדים, די פאַר־טייען־פּלאָג. אַ סך מענער פאַרגעסן אויך, אַז דאָרטן, אויפן „עולם האמת" האָבן זיי געהאַט פרויען, און אַ סך פרויען פאַרגעסן, — — —

דאָ הייבט מען אַלץ אָן פון אָנהויב. און אַזוי־ווי דאָס קור־אָרט־לעבן איז קורץ, געדויערט אין גאַנצן צען—פערצן טעג, וויל מען דערפון גרינט־לעך געניסן, אַ לעב טאָן, וויפל ס'לאָזט זיך.

אין די אַלטע היימען פלעגט מען פאָרן אויף דאַטשע ווען מען האָט געוואָלט, די דאַטשע האָט יעדער אַליין באַשטימט. דאָ אָבער הענגט דער חופש אָפּ פון אַ סך גורמים: פונעם אַרבעט־געבער, פון דער קופּה, פון אַ

פרייען פלאַץ אין בית־הבראה א. אַ. וו. קאָן דאָ געמאָלט זיין אַז מ'זאָל באַקומען דעם אורלויב אין אַ צייט, ווען אויף דער גאַנצער וועלט איז שוין דער קור־סעזאָן געשלאָסן. אָדער, למשל, אין די ימים־נוראים, ווען אויף די דאַטשעס פון די אַלטע היימען האָט זיך שוין כמעט נישט געפינען קיין יידישער קור־גאַסט. נישט נאָר די פרומע, נאָר אַפילו די פרייע קור־געסט וואָלטן נישט געפועלט ביי זיך צו פאַרברענגען איבער די ימים־נוראים אויף אַ דאַטשע, דאָס וואָלט געהייסן שווימען קעגן שטראָם, זיך אויסשליסן פונעם כלל. ראש־השנה און יום־כיפור האָט אַ ייד געמוזט זיין אין שול, נישט קיין נפקא מינה צי אין דער קאַפּאָטע און שטריימל, צי אין פראַק און צילינדער. פרויען, האָבן געמעגט דאַווענען פון אַ מחזור אין פוילישער, דייטשער אָדער רומענישער איבערזעצונג, אָדער אין גאַנצן נישט דאַווענען, אָבער אין שול אַריין זענען זיי געגאַנגען.

דער דאָזיקער „מנהג" איז שוין ביי אונדז אונטערגעגאַנגען. דאָס גיין אין שול אַריין איז דאָ אַ פּריוואַטער ענין. דו טוסט דעם כלל אַ קנאַפּע טובה, אַז דו גייסט אין שול אַריין, און טוסט אים נישט קיין רעה, אַז דו גייסט נישט. דו בלייבסט דער זעלבער מיוחס — צי דו גייסט ראש־השנה אין שול אַריין, צי דו פאָרסט מיט אַ שירות צום ים זיך באָדן...

פון דעסטוועגן האָט מען ערב ראש־השנה אויף די פּנימער פון די מיינסטע קור־געסט געקענט באַמערקן אַ געוויסע ענדערונג. זייערע שטימען האָבן באַקומען אַן אַנדערן קלאַנג, זייערע באַוועגונגען זענען געוואָרן שטילער, נישט אַזוי ליאַרמדיק ווי פריער, עפּעס ווי אַ פאַרלעגן, שולדיק שמייכל האָט געשוועבט אויף זייערע ליפּן. געקומען זענען היינט די מיינסטע מענער אָנגעטאָן אין די רעקלעך, מיט קראַוואַטן אין די קעלנער. און די פרויען אין נייע בלוזקעס און קליידער. דאָס מאָל האָט מען זיך נישט גע־זעצט שפּילן אין קאָרטן ווי יעדן טאָג פאַרן נאַכטמאָל, נאָר מען האָט זיך אויסגעזעצט אין גאָרטן אויף די ליג־שטולן, ענג איינער נעבן צווייטן און גענומען אויפפרישן זכרונות פון די אַמאָליקע ימים־טובים אין די אַלטע היימען.

די מיינסטע קור־געסט שטאַמען פון פוילן, ליטע, פונעם אַמאָליקן רוסלאַנד. אַ סך פון זיי זענען שוין אין לאַנד 25 און 30 יאָר. די אומגאַנגס־

שפּראַך איז דאָ העברעיִש, וואָס ווערט אָבער, אָפט דורכגעפלאָכטן מיט אַ זאַפטיק יידיש גלייכווערטל, מיט אַן עכט יידישן וויץ, וואָס מאַכט דאָס העברעיִשע אינטימער, היימישער, יידישער... איינער פון דער גרופּע הייבט אָן מאָלן אַ בילד פון די אַמאָליקע ימים־טובים אין זיין שטעטל. און אַז ער קומט צו שמחת־תורה, און דערציילט ווי אַזוי חסידים פלעגן זיך אַריינרייסן צו זיי אין שטוב אַריין און אַרויסנעמען דעם טשאָלנט פון אויוון, פאַלט ער אַריין אין יידיש. אויף העברעיִש וואָלט ער דאָס בשום אופן נישט געקענט שילדערן... כאַפּט אויף אַ צווייטער, וואָס דערמאָנט זיך ווי מוצאי ראש־השנה, פלעגט מען טאַנצן ביים רבין ביזן העלן טאָג אַריין. אַ דריטער מאָלט אַ בילד פון „תשליך" אין זיין שטעטל. דער עולם הערט זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. יעדער דערמאָנט זיך אָן זיין אַמאָליקער היים, דעם יידישן שטעטל מיט זיינע מנהגים, זיינע שבתים און ימים־טובים. דערמאָנט זיך אין די נאָענטע און ליבע, פון וועלכע ס'איז קיין זכר נישט געבליבן. בלייבט מען זיצן שטיל, יעדער פאַרזונקען אין זיינע מחשבות.

אַ גרילצנדיקער גלאָק רייסט איבער די שטימונג, רופט צו נאַכטמאָל. אין העל־באַלויכטענעם חדר־האוכל זענען היינט, לכבוד יום־טוב, די טיש־לעך צונויפגערוקט אין צוויי לאַנגע שורות. אויף די געדעקטע טישן שטייען פלעשער וויין און פרישע בלומען אין די וואַזן. דאָס אַלץ שאַפט אָבער נישט די אילוזיע פון הייליקן יום־טוב, נאָר גיכער — פון אַ וואָכעדיקער מסיבה... דער עולם פילט עס, איז נישט באַפרידיקט.

פלוצעם שטייט אויף דער ערשטער וותיק, גיסט אָן אַ כוס וויין, גיט אַ קלאַפּ אין טיש און זאָגט אויף עברית: רבותי, זאָל זיין שטיל, איך וועל מאַכן קידוש. אַ טויט־שטילקייט טרעט איין. דער וותיק טוט אָן אַ קאַפּעלוש און הייבט־אָן „זאָגן" אויף אַ ספרדישן עברית. ס'קלינגט טרוקן, וואָכעדיק, ווי ווערטער פון אַ פּאַרטייאישער רעדע...

דער קידוש־מאַכער פילט עס אַליין אויך, ער פילט אויך, אַז מיטן ספרדישן עברית פאַרלירט ער דעם פאַדים, פאַרגעסט די ווערטער, אַז אָט, אָט בלייבט ער שטעקן אין מיטן דערינען... פלוצעם גיט ער אַ שפּרונג אַריין אין לשון־קודשדיקן, דאָס הייסט אין היימיש־„יידישן" קידוש. און דאָ

פילט ער זיך ווי אַ פיש אין וואַסער... דער קידוש אויף אויסנווייניק גייט איצט ווי אַ מזמור, מיטן ניגון און מיטן נוסח, ווי גאָט האָט געבאָטן, ווי ער האָט אים געקענט אין דער היים, פון טאַטן, פון זיידן, פון אַלע היימישע יידן. און אויב שוין נוסח און ניגון, קומט שוין פון זיך אַליין דאָס צושאָקלען זיך... דאָס געהערט דערצו, נישט פונאַנדערצוטיילן ... דער עולם איז צעוואַרעמט: די שטימונג ווערט אַ יום־טובדיקע, אַ געהויבענע און מען נעמט זיך געשמאַק צו דער ראש־השנהדיקער סעודה.

דער כוח פון אַ יידישן קידוש...

## אַ דאַטשע אין צפת

צפת איז פרום. אין קיין קור־אָרט אין ישראל זעט מען נישט אַזו פיל יידן מיט באָרד און פאות און זשופּעצעס, ווי אין צפת, זעט מען נישט אַזוי פיל יונגעלייט אין יאַרמעלקעס ווי אין צפת, „עכטע", דאָס הייסט גרויסע, סאַמעטענע, ווי גאָט האָט געבאָטן, און סימבאָלישע יאַרמעקלעך, אַזוינע, וואָס זענען ווי צוגעשניטן פאַר ליאַלקע־קעפּלעך... די העל־קאָלירטע יאַר־מעקלעך פון דעם מין שטעכן נאָך אָפּ פון די טונקעלע קעפּ. די שוואַרצע אָבער קען מען שווער אַנטדעקן מיטן פרייען אויג...

עס דרייען זיך אַרום אין די גאַסן יינגלעך מיט פיאות אין פאַר־שידענע גרייסן. יינגלעך אין די בלויזע העמדער מיט יאַרמעלקעלעך אויף די קעפּ און בחורים מיט סאַמעטענע קאַפּעליושן און שוואַרצע זשופּעצעס. דאָס זענען ישיבה־בחורים פון בני־ברקער אָדער ירושלימער ישיבות, וואָס פאַרברענגען דאָ זייערע וואַקאַציעס. דער רוב פון אָט די ישיבה־בחורים זענען סאַברעס פון עטלעכע דורות און רעדן, רעדן זיי דאָס זעלבע לשון, וואָס עס האָבן גערעדט די „סאַברעס" פון וואַרשע, ווילנע און באַרדיטשעוו — יידיש.

דריי־פיר־יעריקע קינדער מיט יאַרמעלקעס און לאַנגע געדרייטע פאות, וואָס שטאַרצן אַרויס פון די נידעריק אָפּגעשוירענע קעפּלעך, ווערן

געפירט פון מאַמעס מיט טיכלעך אויף די קעפּ. און צפת אַליין גייט דאַכט זיך אויך אָנגעטאָן אין אַ ויידן טיכל אויפן קאָפּ. צפת איז אַ שיינע צנועה. אונטערן כישוף פון אירע פאַרחלומטע שיינע אויגן ווערן אַפּיקורסים גלויביק און די ניכטערנע און טרוקענע — פאַרשיכורט.

מיין בית־הבראה ליגט ווייט פון שטאָט, די „ווייט" געמאָסטן לויט צפתער מאָסן. אין תל־אָביב קען מען שעהנלאַנג שפּאַנען איבער די גאַסן און נישט מיד ווערן, אין צפת ווערט מען שוין נאָך די ערשטע עטלעכע מינוט פאַרמאַטערט. אין צפת גייט מען נישט, נאָר מען קלעטערט, מ'דראַפּעט זיך... ענטוועדער אויף בערגלעך אָדער אויף טרעפּ.

מיין בית־הבראה ליגט צו פוסנס פון דער מצודה און כדי פון דאַנען צו קומען אין שטאָט אַריין, מוז מען ענטוועדער אַראָפּשטייגן (און צוריקוועגס אַרויפשטייגן!) צענדליקע שטיין־טרעפּן אָדער אַראָפּגיין דעם באַרגיקן וועג. און דאָס שטעטל ליגט דאָך פאָר דער נאָז! פילט מען זיך אויבן ווי אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט, ווי פּריווילעגירטע אויף אַ ווייטער גליקלעכער אינדזל.

אונדזער „אינדזעלע" באַשטייט פון עטלעכע פערציק גליקלעכע „אינזולאַנער". די „באַפעלקערונג" איז אַ געמישטע. אַלע „ראַסן", פאַרבן און קולטורן זענען דאָ פאַרטרעטן. פרעדאָמינירנדיק איז די מזרח־אייראָ־פּעיִשע „ראַסע". דער מנהל פון דעם אַנשטאַלט איז אַ צפתער פון פיר דורות, זיין פרוי — אַ געבוירענע אין דייטשלאַנד. און אַזוי ווי זי איז אַ צפתער שנור רעדט זי אויך יידיש... דער מנהל טראָגט אַ קאַפּל אויפן קאָפּ און זאָרגט, אַז מען זאָל אויך אין וואָכנטעג דאַוונען מיט מנין. דער בית־הבראה האָט אַן אייגן שולעכל און אַ ספר. יעדן שבת קומט אַרויף פון שטאָט אַ בעל־קורא, אַ צפתער פון אַ סך דורות. ער האָט אין שטאָט אַ מכולת. איך האָב אים איין מאָל געהערט זיך אויסטענהן מיט אַן אַראַבער אויף אַראַביש, האָב איך אים געהאַלטן פאַר אַן אַראַבער. ביים דאַוונען שאָקלט ער זיך ווי אַ בעלזער חסיד... די קיך איז שטרענג כשר (שבת עסט מען טשאָלנט), אַפילו די „אָפּגעהיטנסטע" טראַפּניאַקעס מוזן זיך דאָ „פאַר־כשרן" די מאָגנס... אַ גאַנצע וואָך ווערט זעקס מאָל אין טאָג געקלונגען

צו די מאָלצייטן. שבת אָבער ווערט די מעשענע גלאָק נישט אָנגערירט. שבת איז מען מודיע די מאָלצייטן דורך קלאַפּן אין די הענט...

נישט געקוקט אויפן רעליגיעזן כאַראַקטער פון דער אַנשטאַלט, געניסט מען דאָ פון פולשטענדיקער דעמאָקראַטיע. ביי איין טיש זיצט אַ רב מיט עטלעכע פרומע יידן און בענטשן, ביי אַ צווייטן טיש דערציילט מען זיך געפעפערטע אַנעקדאָטן און דאָס געלעכטער פון די מענער און פרויען פאַרהילכט אין גאַנצן זאַל. ביי אַן אַנדערן טישל זיצט אַ פּאָר־פאָלק אין די מיטעלע יאָרן, וואָס רירן זיך נישט איינס אָנעם אַנדערן. די פרוי פוצט דעם מאַן אָפּ אַ פלעק פון די הויזן, גיט אַכטונג, אַז ער זאָל אַלץ עסן; און ווען דער מאַן וואָלט איר נישט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל צערטלעכקייט, וואָלט איר נישט געקוקט אַזוי אין די אויגן אַריין, וואָלט מען זיי געקענט האַלטן פאַר מאַן־און־ווייב...

אַ חוץ מזרח־אייראָפּעישע יידן און סאַברעס, זענען אויך פאַראַן „ביי אונדז" יידן פון די מזרח־עדות. רבקה איז אַ צווייאונדרייסיק יעריקע פרוי פון מצרים. קוים איין יאָר אין לאַנד. אַז זי לאַכט, דאַכט זיך אַז זי וויל זיך תאווהדיק איינבייסן אין דיר מיט אירע ווייסע שאַרפע ציין... אָבער די דאָזיקע קלעאָפּאַטראַ האָט שוין עטלעכע קינדער. די עלטסטע, אַ פופצן־יעריקע טאָכטער, איז שוין כמעט אַ כלה... פאַראַן אויך אַ יונגע פערסערין. זי האַלט זיך אין אַ זייט, קען זיך מיט קיינעם נישט צונויפרעדן. פאַראַן אַ יונגע פרוי פון איראַק, אַן אַן־צייניקע אַלטיטשקע פון טוניס, וואָס קיינער פון די אַנדערע מזרח־עדות פאַרשטייט נישט איר אַראַביש. זי זעט אויס ווי אַן עכטע וואַנדער־ציגיינערין. עס דרייט זיך אויך אַרום אַ הויכער ברוינ־הויטיקער יאַט. ביים ערשטן בליק דערקענט מען אין אים דעם טראַדיציאָנעלן „קלאַפּער" אויף טישן פון פאַרשידענע משרדים... אַ העלד פון יפוער „שטח הגדול"... דאָ אָבער דרייט ער זיך אַרום אָן „אַרבעט".

פרייטיק צו נאַכטס עסט מען שפּעטער נאַכטמאָל ווי אין דער וואָכן. צוליבן דאַווענען. דאָס בית־הבראה־שולעכל איז פול מיט מתפללים. אין צפת איז דער עמוד נישט אין מזרח, נאָר אין דרום־זייט, מיטן פנים צו ירושלים.

עס טונקלט. אויפן צפתער מערב־הימל גייען־אויס די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגאַנגענער זון. אָוונט־ווינטלעך באַוועגן די צווייגן פון די געדיכטעביימער אין אונדזער גאָרטן. אין דער טונקלקייט זעען זיי אויס ווי יידן אין שוואַרצע זשופּעצעס, וואָס שאָקלען זיך ביים דאַווגען. אויך זיי זענען מקבל שבת, און אַז דער בעל־תפילה הייבט אָן זאָגן מיט אַ זינגענדיקן קול לכה דודי, ווערט דאָכט זיך דאָס גערויש פון די דאַוונדיקע ביימער שטאַרקער, סודותפולער, פייערלעכער, ווי זיי וואָלטן דעם פרעמדן דערציילט: אָט דאָ, נישט ווייט פון דאַנען, שלאָפט זיין אייביקן שלאָף ר׳ שלמה אַלקאַוויץ, דער מחבר פון דעם דאָזיקן וווּנדערלעכן ליד. שוין פיר הונדערט יאָר ווי מיליאָנען יידן פון דער גאָרער וועלט זינגען אָט דאָס ליד, עס איז געוואָרן איינס פון די שענסטע און הייליקסטע שבת־תפילות.

נאָכן דאַוונען זעצט מען זיך אויס צו די געגרייטע טישן. הייגט קומען אַלע אָן אויסנאָם מיט קאַפּלעך אויף די קעפּ (דער „טיש־קלאַפּער" מיט אַ נאָז־טיכל אויפן קאָפּ). די פרויען קומען אויסגעפּוצט אין שבתדיקע קליידער. אַ סך — מיט טיכלעך אויף די קעפּ. דער אַשכנזישער רב (פאַראַן אויך אַ ספרדישער) הייבט אָן מאַכן קידוש און אַלע שטייען אויף. נאָך די פיש נעמט מען זינגען זמירות ביים רבס טיש. איינער פון די „נישט־דאַוונער" פון אַ שכנישן טישל הייבט אָן זינגען אַ באַקאַנטן חזנישן „ישמחו", וואָס די מיינסטע קענען פון די ראַדיאָ־פּליטן, די מעלאָדיע כאַפּט אונטער אַ צווייטער, דאַן אַ דריטער און אַ פערטער, און באַלד זינגען אַלע, מענער און פרויען, יונג און אַלט, דער געזאַנג ווערט שטאַרקער, מעכטיקער, ווער עס קען נישט מיטזינגען, פּלעסקעט־צו מיט די הענט, קלאַפּט־צו צום טאַקט מיט מעסער און גאָפּל. נישטאָ מער קיין רב און קיין מעסער־העלד, קיין רביצין און קיין „קלעאָפּאַטראַ", קיין „ווייסע" און קיין „שוואַרצע", עס זענען נאָר דאָ יידן, וואָס האָבן איין און דעם זעלבן גורל, איין און דעם זעלבן גאָט, און וואָס זענען אַרומגערינגלט פון איינע און די זעלבע גרענעצן...

טוליעט מען זיך איינער צום צווייטן. צוזאַמען פילט מען זיך שטאַרקער, זיכערער. גיסט מען זיך צונויף אין איין געזאַנג — אַ לויב־געזאַנג צום יידישן גאָט, צום יידישן שבת אין דער יידישער שטאָט צפת.

## די פריוויליגירטע...

ביים באַקומען מיין שיכון מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָב איך געהאַט גרויס מזל: איך בין אַריין אין אַ הויז צווישן לויטער אייגענע, לויטער לאַנדסלייט. אַז פון אַלע טירן און פענצטער האָט אַרויסגעקלונגען דאָס היימישע געשמאַקע רומעניש לשון פון יאַס, באָטאָשאַן און דאָראָהוי, האָט מען זיך געפילט צווישן יידן...

האָבן טאַקע די פיר שכנים צווישן זיך געלעבט ווי די טויבן, ווי איין גרויסע משפחה. די ווייבער זענען ממש איבערגעלעגן איינע ביי דער אַנדערער אין די שטובער. האָט איינע געמאַכט עפּעס אַ פּיקאַנט מאכל, צי אַ זעלטענע „פּריזשיטורא" (עוגה), האָבן דאָס אַלע איבעריקע געמוזט פאַרזוכן, און יעדע האָט באַזונדער פאַרזיכערט אַז ס'איז „מינונאַט" (אויס־געצייכנט).

נאָר גאָרנישט געדויערט אייביק, און פריינדשאַפט צווישן פרויען — אַוודאי נישט. מאַכט זיך, אַז אַ שכנה פון ערשטן שטאָק צעקריגט זיך מיט דער שכנטע פון אונטער איר, און זיי ווערן זיך דם־שונאים. וואָלט דער דאָזיקער רוגז די איבעריקע צוויי שכנים ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען, ווען נישט — — —

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די אמתע מעשה. אַ קורצע צייט נאָך דעם רוגז ווערט מען געוווירר, אַז די שכנה פון אונטן האָט איר דירה שטי־לערהייט פאַרקויפט און זי ציט זיך אַריבער אין אַ נייעם בית־משותף פון דער זעלבער שכונה. ווער אונדזער נייער שכן וועט זיין, האָט מען קודם נישט געוווּסט, און אַז מען האָט זיך ענדלעך דערוווּסט, איז שוין געווען צו שפּעט...

אין אַ שיינעם טאָג איז פאַר אונדזער הויז פאַרפאָרן אַ וואָגן און

מען האָט אָנגעהויבן אויסלאָדענען אַן אַ צאָל אייזערנע בעטלעך, אַ הויפן גראָע קאָצן און מאַטראַצן, פון וועלכע ס׳האָט זיך געהאַלטן אין איין שיטן קלאָטשעס און שטרוי... אין די ליידיקע שטיבער האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינשיטן קינדער און דערוואַקסענע, עלטערע און יונגערע מענטשן, און צווישן זיי האָט מען אַריינגעפירט דעם „פּאַטריאַרך" פון דער פאַמיליע, אַ האַלבאָדער גאַנץ בלינדן זקן פון כאַטשבי 90 יאָר.

אַז מיר האָבן דערזען אונדזערע נייע שכנים, איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס זענען נישט סתם „שוואַרצע", נישט קיין תימנער, נאָר טאַקע פון די „עכטע", פון די „אמתדיקע", פון יענע, וואָס רירן זיך נישט אַן אַ מעסער אין קעשענע... דאָס האָט אונדזער אַרויסגעצויגענע שכנטע געוואָלט איבערלאָזן איר שונא פון ערשטן שטאָק אַ מתנה, אַז זי זאָל זי האָבן צו געדענקען... אַי, וואָס זענען מיר די אַנדערע שכנים שולדיק? נאָר גיי פרעג קשיות, אַז ס׳איז שוין פאַרפאַלן.

ס׳איז אַוועק אַ חודש און נאָך אַ חודש און פון אונדזערע נייע שכנים האָט מען גאָרנישט געהערט, זיי האָבן קיינעם נישט דערשטאָכן, נישט איבערגעפאַלן און נישט פאַרגוואַלדיקט... יאָ, מען האָט זיי אַפילו נישט רעכט אַרויסגעזען. ביזן היינטיקן טאָג (שוין שיינע עטלעכע חדשים) ווייס איך נאָך אַפילו נישט פון וויפל נפשות די משפחה באַשטייט, וועלכע ס׳איז די טאָכטער און וועלכע די שנור. ווער ס׳איז דער זון און ווער דער איידעם...

ניין. מ׳האָט פון זיי גאָר קיין שלעכטס נישט באַמערקט. פאַרקערט: יעדן שבת אין דער פרי זענען די מענער מיט די קאַפּלעך אויף די קעפּ און טליתים אונטערן אָרעם, צוזאַמען מיט די גרעסערע קינדער געגאַנגען אין דער ספרדישער שול אַריין. מיין פרוי פלעגט זיי דעמאָלט נאָכקוקן פון פענצטער, מיסטרויאיש שאָקלען מיטן קאָפּ און זאָגן: ווער ווייסט צי זיי דאַווענען טאַקע דאָרט...

אין דעם טאָג ווען די צייטונגען האָבן געבראַכט די ידיעות וועגן די געשעענישן אין וואַדי סאַליב *, האָט מיין פרוי קוים דערוואַרט אַז איך

---

* אַ קוואַרטאַל אין חיפה, באַווינט מייסטנס פון מזרח־עדות, ווו אין דער צייט פון דער שילדערונג זענען פאָרגעקומען אייניקע איבערפאַלן פון אויפגעהעצטע יוגנטלעכע אויף קאַפע־הייזער און געשעפטן פון „ווייסע".

זאָל אַהיים קומען פון דער אַרבעט. קוים געעפנט די טיר, איז זי מיר אַנט־קעגנגעלאָפן און אַ בלייכע און אויפגערעגטע אויסגערופן:

— נו, האָב איך געהאַט רעכט צי ניין?!

— וואָס איז געשען?! — האָב איך אַ דערשראָקענער געפרעגט.

— וואָס זאָגסטו איצט צו דיינע „שטילע" מאַראָקאַנער?! — האָט זי געציטערט פון אויפרעגונג.

— דו מיינסט די מעשה אין וואַדי סאַליב?

— וואָס דען מיין איך?

— אָבער וואָס האָט יענע מעשה מיט אונדזערע שכנים צו טאָן?

מיט דיר איז נישט צו רעדן — האָט זיך מיין פרוי צעשריגן — דו ביזט בלינד, זעסט גאָרנישט, הערסט גאָרנישט און גלייבסט יעדן.

— אָבער גאָט איז מיט דיר, אונדזערע שכנים זענען דאָך רויִקע, שטילע מענטשן, הלוואי אויף אַלע „וויסע" געזאָגט...

מיין פרוי האָט זיך נישט געלאָזט באַרויִקן. אויף דער נאַכט זענען זיך אַלע דריי שכנטעס צונויפגעקומען אויף אַ דרינגענדיקער באַראַטונג, כדי צו באַהאַנדלען די געשאַפענע לאַגע...

איין שכנטע האָט פאַרזיכערט, אַז זי האָט נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק געוווּסט, אַז עפּעס גרייט זיך. שוין עטלעכע טעג — האָט זי דער־ציילט — איז ביי די „לייט" אין די אונטן מאָדנע שטיל געווען און מ'האָט זיך געשושקעט ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין... אַ צווייטע האָט דערציילט אַז אייערנעכטן האָט מען פון דאָרטן געהערט אַ געקלאַנג, ווי מען וואָלט שאַרפן מעסערס...

נאָך לאַנגע באַראַטונגען האָט מען באַשלאָסן אַנצוּווענדן לגבי די „לייט" אַ טאַקטיק פון — פּריווילעגיעס. אַזוי אַרום וועט מען אפשר איינ־שטילן זייער צאָרן קעגן די אַשכנזים... דעם דאָזיקן באַשלוס האָט מען זיך טאַקע תיכף גענומען אַדורכפירן. שוין צומאָרגנס האָט מיין פרוי שטייענדיק אין דער יאַטקע אָפּגעטרעטן איר תור דער „שוואַרצער" שכנטע. אַ צווייטע פרוי האָט דערזעלבער אָפּגעטרעטן איר תור אין דער מכולת.

די דריטע האָט זיך אין קופּת־חולים געביטן מיט דער מאַראָקאַנער שכנטע, אַוועקגעבנדיק איר נומער פאַר אַ פּיל גרעסערן פון דער „שוואַרצער".

מיין פרוי האָט פאָרגעשלאָגן, אַז יעדן טאָג זאָל אַן אַנדערע שכנטע באַזאָרגן דאָס אייז פאַר „זיי". אַ צווייטע פרוי האָט פאָרגעשלאָגן אַז יעדן פרייטיק נאָך מיטאָג זאָל מען אין דער וווינונג פון די „שוואַרצע" אַריינטראָגן אַ בוקעט בלומען... אַלע פאָרשלאָגן זענען איינשטימיק אָנגענומען און פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן.

ס'האָט אויסגעזען, אַז דער עקספּערימענט האָט זיך איינגעגעבן. אַ סימן: ביי די „שוואַרצע" איז שטיל. מ'שושקעט זיך נישט מער אין די נעכט, און מ'הערט נישט, אַז מ'זאָל שאַרפן מעסערס...

מיר האָבן זיך אָבער שטאַרק טועה געווען. די אַנטוישונג איז באַלד געקומען.

אין אַ שיינעם טאָג פאָרט מיין פרוי אַהיים פון תל־אָביב אין אַ פול־געפּאַקטן אויטאָבוס. ביי אַ געוויסער סטאַציע שטייגט איין די טאָכטער פון אונדזער מאַראָקאַנער.

מיין פרוי, וואָס איז כמעט צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי יענע, הייבט זיך אויף און טרעט־אָפּ איר פּלאַץ דער יונגער פרוי. יענע ווערט גאַנץ צע־טומלט, וויל בשום אופן דעם פּלאַץ נישט אָננעמען. בייט אַלע פאַרבן אין פּנים.

און דאַן איז עס געשען.

דעם זעלבן אָוונט פאַלט אַריין צו אונדז אין שטוב דער מאַן פון דער יונגער פרוי אַן אָנגעצונדענער.

— מה אתם חושבים?! — שרייט ער און ציטערט פון צאָרן — בשביל אַשכנזים אתם גם כן קונים פּרחים?! גם כן נושאים קרח?! — (וואָס מיינט איר אייך? פאַר אַשכנזים קויפט איר אויך בלומען?! טראָגט איר אויך אייז?!) מה יש? אנחנו לא יהודים?! רק בשביל אַשכנזים יש תור?! (וואָס איז? מיר זענען נישט קיין יידן? נאָר פאַר אַשכנזים איז פאַראַן אַ תור?!) — האָט ער געשריגן און אויפגעהויבן קעגן אונדז זיינע פויסטן...

### זון און שאָטן

ערשט, אַז מיין ווייב האָט געמאַכט אַ געוואַלד און די קינדער האָבן אָנגעהויבן הויך וויינען, איז ער אַרויס פון שטוב.

נאָך דעם, ווי מיין פרוי איז צו זיך געקומען פון דעם שרעק, האָט זי זיך געווענדט צו מיר:

— נו, מיין מאַן, וואָס ווערסטו איצט זאָגן? ווער האָט רעכט געהאַט?

1959

## „מיר" און „זיי"

שוין באַלד אַ יאָר ווי זיי וווינען אונטער מיין דירה, און איך האָב נאָך מיט זיי רעכט נישט גערעדט. פאַרדריסט עס מיך. זיי ווערן דאָך טאַקע אויף אַן אמת מיינען, אַז איך קוק אויף זיי ווי אויף... „שוואַרצע".

יעדן טאָג נעם איך מיר פאָר צו פאַרפירן מיט עמעצן פון זיי אַ שמועס. סתם, מעשה גוטער שכן... נאָר אַז עס קומט דערצו, ווייס איך נישט וועגן וואָס איך זאָל מיט אים רעדן, און דער סוף איז, אַז איך גיי פאַרביי מיט אַ בלויזן „שלום".

אָפט באַטראַכט איך איינעם פון די מענער — צי דאָס איז דער 80־יעריקער זקן מיטן לאַנגן ווייסן געשטרייפטן קיטל, צי דער איידעם זיינער, אָדער איינער פון די זין מיט די גלאַטע, גלאַנציקע האָר און די לאַנגע הענט (וואָס זעבען ווי באַשאַפן געוואָרן אויף צו פאַרפאָרן עמעצן אין די ציין אַריין...) איך גראָב מיך איין אין אַזאַ פנים, אפשר וועל איך אין אים געפינען כאָטש איין איינציקן שטריך, וואָס זאָל עדות זאָגן אויף אונדזער געמיינזאַמען שטאַמבוים, אויף דעם זעלבן בלוט וואָס זאָל פליסן אין אונדזערביידנס אָדערן... איך זוך אין אַזאַ שטערן דעם יידישן קנייטש, און אין זיינע אויגן — יענעם ספּעציפיש־יידישן „עפּעס", וואָס האָט נישט קיין באַשטימטן נאָמען, און וואָס פאַרשווינדט אַפילו נישט אין די אויגן פון אונדזערע משומדים.

עטלעכע טעג האָט מען דעם אַלטן נישט געזען אין דרויסן. פון

דעם שכנס דירה האָבן אין אָט די טעג נישט אַרויסגעדרונגען די מאָנאָטאָנע כאָרכעלנדיקע ראַדיאָ־קולות, נישט די גרילצנדיקע ווילדע קריגערייען פון די שטובמענטשן. אין אַ פאַרנאַכט האָט פּלוצעם אַ יאָמערלעך פרויען־געוויין איבערגעריסן די שטילקייט. דעם צווייטן טאָג איז פאַר אונדזער הויז שוין געשטאַנען אַ רעדל מענטשן, די שכנים פון אונדזער שכונה — עולים פון פּערסיע, פּוילן, מאַראָקאָ, רומעניע. די מענער מיט נאָז־טיכלעך אָדער קאַ־פּעלעך, די פרויען — מיט טיכלעך אויף די קעפּ. פאַרן הויז איז געשטאַנען די שוואַרצע עגלה. מען האָט אַרויסגעטראָגן די מיטה איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער דעק, מיט דער אויפשריפט „צדק לפניו יהלך — אַקוראַט, ווי ביי „אונדז“, און אויך די צדקה־תציל־ממות־פּושקע האָט פּונקט ווי ביי „אונדז“, געקלאַפּט. און די טאָכטער פון פאַרשטאָרבענעם האָט געוויינט אַזוי יאָמערלעך, אַזוי עכט־יידיש, ווי נאָר מען קאָן ביי „אונדז“ וויינען...

איך בין נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה און געטראַכט: ווי גוט וואָלט געווען, ווען דעם לעבן געלינגט אויך אַזוי לייכט און גיך צו לייזן אַלע „מיזוג“־פּראָבלעמען ווי דאָס געלינגט דעם טויט...

## דער שוואַרצער ברודער

דער בליאַסק פון זיינע אויגן, דער שניט פון זיינע ליפּן און די פאַרב פון זיין הויט — האָבן אין זיך אַ סך פון דער נעגראָידער ראַסע. לויט דער שפּראַך — אַן אַראַבער, און לויטן דת — אַ ייד...

איך באַטראַכט „אַזאַ איינעם“ פון קאָפּ ביז די פיס, גראָב זיך איין אין יעדן קנייטש פון זיין שוואַרצן שטערן, פאַרפאָלג יעדע תנועה זיינע, זוך אין יעדן שטריך פון זיין פּנים דאָס געמיינזאַמע בלוט, וואָס זאָל פליסן אין אונדזערעביידנס אָדערן... דאָס געמיינזאַמע געמיט, די געמיינזאַמע אינעווייניקסטע פיזיאָנאָמיע — און געפין נישט.

שטיי איך פאַר אים אַ פרעמדער, אַן אַנדערשדיקער, אַ ווייטער. מיינע אויסגעשטרעקטע אָרעמס דערגרייכן אים נישט.

רעד איך צו אים מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פון מיין יידישקייט:

— אַנטפּלעק זיך פאַר מיר, מיין פרעמדער, שוואַרצער ברודער, גיב אַ צייכן, אַז איך זאָל דיך דערקענען!

דער תנ״ך?

אָבער מיט דעם דאָזיקן ספר הספרים צערטלען זיך דאָך אַזוי פיל פרעמדע, אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן מיך נישט איבעריק ליב...

די געמיינזאַמע תפילות?

צי האָבן דען די איטאַליענער אָדער ענגלענדער וועלכן ס'איז שייכות מיט די אַמעריקאַנער אינדיאַנער אָדער נעגער, דערמיט וואָס זיי דאַווענען אין דעם זעלבן קלויסטער? אין דעם זעלבן סידורל?

גיב אַ צייכן.

צי ביזטו אין דיין צוויי־ צי דריי טויזנטיעריקער אָפּגעריסנקייט פון שטאַם געווען דער טייך, וואָס האָט בלויז אָפּגעשפּיגלט פרעמדע הימלען, פרעמדע לאַנדשאַפטן? אָדער האָסטו בעת דיין לאַנגן „לויף" אויפגענומען אונטערוועגס אַזוי פיל פרעמדע קוואַלן, אַז דו ביסט אין זיי אין גאַנצן בטול געוואָרן?

אַנטפּלעק זיך פאַר מיר, דו פרעמדער, וואָס טראָגט מיין נאָמען, מיין גורל, מיין פּאָן. העלף מיר פאַרוואַרפן אַ בריק איבער דעם תהום, וואָס טיילט אונדז פאַנאַנדער...

# די יידישע ראַדיאָ־אוידיציע און מיין שוויגער

קודם כל וויל איך איר זאָלט וויסן, אַז מיין שוויגער איז מיר נישט קיין... שוויגער, נאָר די מאַמע פון מיין פרוי און די „סבתא" פון מיינע קינדער. און ווילט איר, איז זי דער סימבאָל פון דורותדיקער יידישקייט. פון אַ טויזנט־יעריקער קולטור, וואָס וויל נישט און טאָר נישט אונטערגיין — אונדז אַלעמען צוליב.

צווייטנס, דאַרפט איר וויסן, אַז די צרות וואָס איך האָב פון מיין שוויגער טראָגן נישט קיין פאַמיליאַר־שוויגערישן כאַראַקטער, נאָר אַ שוויגערישן קליטה־כאַראַקטער.

די חבלי־קליטה פון מיין שוויגער באַשטייען אין דעם וואָס איך קען ביי איר בשום אופן נישט פועלן, אַז זי געפינט זיך אין אַ יידישער מדינה, צווישן לויטער יידן, פאַר מיין שוויגער זענען יידן נאָר אַזוינע מענטשן, וואָס רעדן יידיש, די אַנדערע — זענען גויים... פאַר העברעאיש, וואָס איז פאַר איר אויך אַ פרעמד לשון, האָט זי אָבער אַ שטיקל סימפּאַטיע. שוין דערפאַר, ווייל דאָס דאָזיקע לשון האָט אין זיך אַ סך יידישע ווערטער, ווי למשל: „עגמת־נפש", „ברוך השם" — און אַנדערע ווערטער. זיי קומען ביי „זיי" אַפילו אַרויס אַ ביסל פאַרדרייט, אַ ביסל פאַרקריפּלט, אָבער מ׳דערקענט זיי...

אין אונדזער שכונה פאַרפאַרן טעגלעך צוויי וועגעלעך מיט ירקות. איז ביי איר דער בולגאַרישער ייד — „דער גוי", צום אונטערשיד פונעם פּוילישן, וואָס איז „דער ייד" — כ׳האָב היינט געמוזט קויפן ביים „גוי" — זאָגט זי — ווייל דער „ייד" איז נישט געקומען... אָדער: כ׳האָב געוואָלט ביי אים פאַרזוכן צי די טרויבן זענען זיס, האָסטו געמעגט זען ווי אינעם „גוי" האָט זיך עס אָנגעצונדן די רציחה...

באַזונדערס אויפגעבראַכט איז זי אויף די תימנער. זי האַלט, אַז די גאַנצע מעשה מיט די תימנער יידן איז אַ שווינדל... אויף זייערע בערד און פאות קוקט זי מיט חשד. זי איז חושד, אַז די דאָזיקע בערד און פאות זענען ענטוועדער צוגעקלעפּטע אָדער זיי האָבן זיי ספּעציעל געלאָזט וואַקסן כדי צו באַקומען שיכונים און אַרבעט... וואָרעם, זאָגט זי, ווי קאָן דאָס געמאַלט זיין, אַז יידן מיט באָרד און פאות זאָלן נישט קאָנען רעדן קיין יידיש...

די תימנקע, וואָס מאַכט ביי אונדז „ספּאָנדזשע" האָט זי באַלד „דערקענט": זי קאָן, זאָגט זי, שווערן, אַז דאָס איז די זעלבע ציגיינערטע, וואָס האָט איר פאָרן פאָרן אַהער געטראָפן פון דער האַנט, איר געזאָגט, אַז זי וועט מאַכן אַ וויטן וועג...

— מ׳דאַרף, זאָגט מיין שוויגער, „רואה" זיין, אַז זי זאָל נישט עפּעס „צולקחנען". ווייל „אַזעלכע" גנבענען מיט די אויגן...

קומט אַ יום־טוב, אָדער אַ שיינער־שבת, וויל זי דאַוונען אין שול.

דאָס אַשכנזיש שולעכל ליגט אָבער וויט פון אונדז, דערצו מוז מען אַהין גיין באַרג־אַרויף. מיין שוויגער, וואָס האָט שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט די 75־ער, וואָלט אַהין שווער דערגאַנגען. האָב איך זי איין מאָל אַריינגעפירט אין נאָענטן ספרדישן שולעכל. ס׳גייט נישט אַוועק קיין פערטל שעה, ווי מיין שוויגער קומט צוריק און בייטלט אויס אַלע חלומות צו די שונאים׳ס קעפּ. — ווּהין האָסטו מיך אַריינגעפירט? פאַלט זי אָן אויף מיר. דאָס איז דאָך נישט קיין שול! דאָרט דאַוונט מען דאָך נישט, נאָר מען קאַלענדעוועט...

— אָבער שוויגער, — וויל איך זי באַרואיקן — דאָס זענען דאָך יידן פונקט ווי מיר, זיי דאַוונען נאָר מיט אַן אַנדערן נוסח. ווערט זי נאָך מער אָנגעצונדן: ווּעסט מיר אפשר איינרעדן, אַז דאָס איז בעלזער, צי אפשר גאָר וויזשניצער נוסח?

און ענדלעך איז געקומען אַן איבערברוך אין גייסטיקן לעבן פון מיין שוויגער! זי הייבט זיך שוין ביסלעכווייז אָן, ווי עס איז, איינצוואָרצלען אין דער אייגענער ערד. און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען — די אויפֿיציעס אין יידיש. זינט איך האָב אַריינגעבראַכט אין שטוב אַן אַפּאַראַט און אים געלאָזט אין גאַנג, איז מיין שוויגער געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. יעדן פאַרנאַכט דריי איך אויף די יידישע אוידיציע און קוק מיר צו, ווי

מיין שוויגערס פּנים איז פול מיט איבערראַשונג און פאַרוווּנדערונג, ווי זי זיצט מיט אַן אָפן מויל און הערט זיך איין ווי עמעצער רעדט צו איר אויף יידיש, אויף מאַמע־לשון! די „ידיעות פון לאַנד און אויסלאַנד״ פאַר־שטייט זי אָפילו נישט, און אויך זעלטן די „פאַר מעלדונגען״. אָבער ס׳איז שוין פאַר איר גענוג וואָס דאָס רעדן יידן... ווער שמועסט נאָך, אַז אַן אַנגענעמע פּרויען־שטים גיט איבער „אין נאָמען פון דער באָבע רייזל״ אַ סך יידישע ברכות „פאַר איר אייניקל יענקעלע צו זיין בר־מצווה״; אָדער ווען אַ היימיש־יידיש מענער־קול אילוסטרירט זיינע „פּאָליטישע איבער־זיכטן״, מיט אַן עכט יידישן משל אָדער מעשהלע, קוועלט זי ממש פאַר נחת. היינט אַז פונעם „קעסטל״ הייבן נאָך אָן צו פאַרקלינגען באַקאַנטע יידישע פאָלקס־לידער — דעמאָלט איז קיינער צו איר נישט גלייך. אַז ס׳פאַלט צווישן די דאָזיקע לידער אויך אַ מאָל אַריין אַ העברעאיש ליד, קוקט זי שוין דערויף מיט אַנדערע אויגן... דעמאָלט באַטראַכט איך זי פון דער זייט און קלער: זי איז אויף אַ וועג!...

דאָס איז אָבער נאָך גאָרנישט. זינט זי האָט איין אַ שבת געהערט „חזנות״, האָט דאָס „קעסטל״ פאַר איר באַקומען אַ באַזונדערע באַדייטונג. ס׳איז געוואָרן איר מקום־קדוש, איר שול... שבת גאַנץ פרי רייסט זי שוין פון מיר די הויט אַז איך זאָל איר „אויפדרייען די שול״. גיב איך איר צו פאַרשטיין, אַז דאָ אין ארץ־ישראל, איז מען זיך נוהג שפּעט צו דאַ־ווענען. דער „קול־ישראל״, זאָג איך איר, שטעלט זיך ערשט דאַווענען אַרום האַלב צוויי אַ זייגער... ס׳העלפט אָבער נישט. און איך מוז פאַר איר אין די אויגן איבערגיין די גאַנצע סקאַלע, כדי איר צו ווייזן, אַז די „שול״ איז נאָך פאַרמאַכט...

און אַצינד צום ענין.

אַזוי ווי איך האַלט שוין מיט מיין שוויגער אַזוי ווייט, אַז אַ דאַנק די יידישע אוידיציעס, הייבט זי שוין אָן צו געפינען אַ זכות אויך אויף די „ציגיינערישע״ (אַראַבישע בלע״ז), שפּאַניאָלישע און די אַנדערע אוי־דיציעס אין וועלכע ס׳קומען פאָר די ווערטער „ישראל״, „לילה טוב״, „שלום״ און אַנדערע ווערטער. — וואָלט איך געוואָלט, אַז אונדזער ראַדיאָ זאָל זיך אויך ווייטער האַלטן אין דער מעלה און זיך היטן פון זאַכן, וואָס

קענען חלילה דערפירן צו אַן איבעררייס פון די פריינטשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן דער מדינה און מיין שוויגער. ווייל איך טאַקע נאָך רעכטצייטיק אָנווייזן דער לייטונג פון „קול ישראל" אויף עטלעכע קלייני־קייטן. למשל, וואָלט ניט מעגלעך געווען, אַז די „ענגלישע" פאָלקס־לידער „אַ יידישע מאַמע", „אויפן פריפּעטשיק" אָדער „ראָזשינקעס מיט מאַנד־לען" — צו זינגען אין אַ יידישער „איבערזעצונג"? איך בין זיכער, אַז אַזוינע לידער וואָלטן גאָרנישט פאַרלוירן פון זייער ווערט אויך מיט יידישע טעקסטן. דאָס איז איינס. און צווייטנס, וואָלט איך אייך געוואָלט בעטן (פאַר־שטייט זיך אין נאָמען פון מיין שוויגער): אַז איר ברענגט שוין אַ מאָל יאָ אַ ליד אין יידיש, דאַן ברענגט עס באַזונדער, פאַר זיך אַליין און נישט אונטער דער לידער־סעריע פון „שירים לועזיים". איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז דאָס וואָרט „לועזית" איז פאַר מיין שוויגער אַ האַרט וואָרט, נישט אַראָפּצושלינ־גען. דער לועזית־עטיקעט וואָס איר קלעפּט צו אויף אַ יידיש פאָלקס־ליד, וועט מיין שוויגער קיין מאָל נישט באַווייזן איבערצולייענען און אויב דאָס איז אייך שווער איר צוליב צו טאָן, ווייל איך אייך בעטן, אַז איר זאָלט כאָטש אַזוינע לידער נישט ברענגען אין דזשאַס־מוזיק. ווייל צו הערן „אויפן פריפּעטשיק" אין נוסח דזשאַז, האָט פאַר מיין שוויגער אַזאַ טעם, ווי אַ שטייגער זען טאַנצן אַ מצווה־טאַנץ אין אַ סטריפּ־טיז קאָסטיום...

ס'האַנדלט זיך דאָ טאַקע נישט מער, ווי אין געשמאַק פון אַ שוויגער, אָבער באַרעכנט, אַז די וותיקים און סאַברעס פאַר וועלכע אייערע אוידיציעס זענען באַשטימט, זענען קינדער און קינדס־קינדער פון אָט די שוויגערס, און אַז די דאָזיקע וותיקים און סאַברעס פאַרמאָגן דערווייל נאָך ווייניק, זייער ווייניק אייגענע פאָלקס־לידער, און וועלן נאָך לאַנג דאַרפן אָנקומען צו די „שירים לועזיים" פון אונדזערע שוויגערס.

# צוויי הינער

(אַ מעשהלע)

פון אַ גרויסן לול, פון איינעם פון די פילע לולן, וואָס געהערן צו אַן אַלטן רייכן קיבוץ, איז אַ מאָל אַנטלאָפן אַ הון. איינע פון די טויזנטער לול־הינער, וואָס אַלע האָבן זיי איין פּנים, איין פאַרב, איין וואָג; וואָס עסן אַלע די זעלבע קעסט, לייגן אייער פון דערזעלבער גרייס...

וואָס איז עפּעס איינגעפאַלן אַ לול־הון נעמען און אַנטלויפן? האָט דאָך די דאָזיקע הון קיין "דרויסן" קיין מאָל נישט געזען, נישט געהאַט קיין באַגריף, וואָס ס'טוט זיך "אויף יענער זייט"? געבוירן אין אינקובאַטאָר, און יענע הון, די אומבאַקאַנטע מאַמע אירע, וואָס האָט זי געלייגט, איז אויך געווען אַ "יליד־אינקובאַטאָר", און אַזוי די באָבע, די עלטער־באָבע... וואָס־זשע האָט זיך די דאָזיקע הון געלאָזט אין אַ וועג — אשר לא ידעו אבותינו? און בכלל — ווי קומט צו אַ לול־הון: וועלן, בענקען, גלוסטן? זעט איר דאָך! און צוריקגעשמועסט פאַרוואָס זאָל זיך צווישן טויזנטער לול־הינער נישט קענען געפינען איינע, וואָס זאָל זיך דערהייבן איבער איר דור? וואָס זאָל פּלוצעם אָנהייבן דערפילן די אור־כוחות אין די דעגענע־רירטע, אָפּגעטעמפּטע פליגל?...

האָט די הון גענומען לויפן אַלץ ווייטער און ווייטער, איבער פעלדער און וועלדער, בערג און טאָלן, ביז זי איז געקומען אין אַ קליין דערפל מיט קליינע ליימענע הייזלעך, פאַר יעדן הייזל אַ הייפל, און פאַר איינעם אַזאַ הייפל איז די הון שטיין געבליבן אַ פאַרכאַפּטע פון דעם זעלטענעם בילד, וואָס האָט זיך פאַר איר אַנטפּלעקט: אַ גרויסע ברוין־שוואַרץ געשפּריצטע הון, אַרומגערינגלט מיט אַ טוץ קלייניקע שווימפּטשענדיקע און פּישטשענ־דיקע הינדעלעך. די קוואָטשקע איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זוכן צווישן די גראָזן פונעם הייפל, און אַז זי האָט עפּעס געפונען, האָט זי צונויפגע־נומען דאָס יינגוואַרג, וואָס איז זיך תיכף צונויפגעלאָפן און זיך געוואָרפן צו דער מאַמעס שנאָבל, גרייט אויפצוכאַפּן די שפּייז. די לול־הון איז גע־

שטאַנען פון ווייטן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. אַזוינס האָט זי נאָך קיין מאָל נישט געזען. באַלד איז נאָך וואונדערלעכעס געשען: נאָך דעם, ווי די קליינע זענען שוין געווען גענוג אָנגעהאָדעוועט, האָט זיך די מאַמע־הון געזעצט און אַרונטערגענומען די קינדער אונטער אירע פליגל. אַ ווײַלע האָבן זיי נאָך געשטיפּט, אַרויסגעשטעקט די קעפּלעך פון צווישן די פליגל, ביז זיי זענען איינגעשלאָפן. די לול־הון איז געשטאַנען פון ווייטן אַ פאַרכישופטע, און אַז זי האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, איז זי נענטער צוגעקומען און מיט אַ האַרציקן „שלום" באַגריסט די קוואָטשקע.

— שלום! — ענטפערט די קוואָטשקע און באַטראַכט די פרעמדע. — ווייזט אויס נישט קיין היגע?

— ניין. איך קום פון ווייט.

— זיך משער געווען. אַוודאי געקומען אַהער זוכן קערנער?

— ניין. ביי אונדז אין לול ליגן בערג מיט קערנער.

— גוט, אָבער ווּ „זוכט" איר?

— זוכן? ביי אונדז זוכט מען איבערהויפּט נישט. כ'האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז...

— איר האָט גאַנצע בערג. אָבער אַ הון לעבט דאָך נישט נאָר פון אָנפילן דעם מאָגן, אַ הון מוז דאָך אויך זוכן.

— כאָטש מ'האָט פאַרטיקס?

— פאַרשטייט זיך. דאָס קערנדל וואָס מען געפינט דורך זוכן, האָט דאָך אַלע טעמים. איז זאָגסטו, אַז אין אייערע מקומות זוכט מען נישט. וואָס זשע דען טוט מען?

— מ'עסט אַזוי לאַנג ביז מ'ווערט זאַט, דאַן טרינקט מען, דאַן שלאָפט מען. און צומאָרגנס שיט די זעלבע האַנט ווידער אויס בערג עסן.

— נו, און לייגן אייער — לייגט מען?

— מ'לייגט.

— און ווען בריט מען זיי?

— וואָס מיינסטו?...

— ווען „זיצט" מען?

האָב נישט קיין פאַראיבל, כ'פאַרשטיי נישט...

— אויסבריען אייער. האָט מען דען ביי אייך נישט קיין קינדער ?

— ניין.

— וו־אָ־אָ־אָ־ס ? ! — איז די קוואָטשקע אויסער זיך — פון וואַנענ־זשע קומסטו אַרויס ?

— פון אינקובאַטאָר.

— וואָס איז דאָס אַזוינס ?

— אַ ריזן־מאַשין אַזאַ, אַ טויטע קוואָטשקע...

— און דיין מאַמע ?

— פון אינקובאַטאָר.

— די באָבע ?

— פון אינקובאַטאָר.

— און האָסטו קיין מאָל נישט געפילט דעם טעם פון „זיצן״ ?

— ניין.

— פון פילן וואַרעמע, צאַפּלענדיקע גופימלעך אונטער דיינע פליגל ?

— ניין.

און נאָך אַ ווײַלע שוויַיגן פרעגט די קוואָטשקע :

— נו, און אויסזען זעען אייערע הינער פונקט אַזוי אויס ווי אונ־דזערע — גרויסע, קליינע, מיט פאַרשידנפאַרביקע פעדערן ?

— ניין. ביי אונדז — אַלע איין גרייס, איין וואָג, איין פאַרב. שוואַרץ אָדער ווייס. איך, למשל, געהער צו דער ווייסער ראַסע...

— ווי אַזוי זשע דערקענט מען אייך ? מ׳קען דאָך פאַרבייטן...

— ניין. מ׳קען נישט : מיר זענען תמיד די זעלבע, די ריכטיקע, נישטאָ ביי אונדז קיין „איך״ און קיין „דו״. פאַראַן נאָר אַ „מיר״...

— אָבער דאָס איז דאָך שרעקלעך ! ! ! איז דאָך ערגער ווי טויט ! ! ! — האָט די קוואָטשקע אויסגעשריגן אַזוי הויך, אַז די הינדלעך האָבן זיך אויפגעוועקט און דער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט.

האָט די לול־הון געוואַנדערט פון איין הויף צום צווייטן און געזען זאַכן, פון וועלכע זי האָט אַפילו נישט געחלומט. און לויפנדיק אַזוי פון איין אָרט צום אַנדערן איז זי נישט ווויסנדיק און נישט ווילנדיק אָנגעקומען צוריק צו איר קיבוץ. מען האָט זי תיכף געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין

לול. איז געוואָרן אין לול אַ שמחה: צוריקגעקומען דער שאָדן! און הינער האָבן זי באַפאַלן מיט טויזנט פראַגן, זי זאָל אַלץ דערציילן, וואָס זי האָט געזען „אויף יענער זייט". נאָר די הון האָט אויף קיין פראַגע נישט געענט־פערט. זי איז צוריקגעקומען אין גאַנצן אַן אַנדערע. אויפגעהערט עסן, אויפ־געהערט לייגן אייער, שעהען־לאַנג פלעגט זי שטיין אויף איין פוס (אַ סימן ביי הינער, אַז זיי זענען פאַרזונקען אין מחשבות), איין אויג פאַרמאַכט, דאָס צווייטע האָט שטאַר געקוקט אויף איין פונקט... אָפט פלעגט טרעפן, אַז זי איז אַרויס פון איר פאַרגליווערטקייט, אָנגעהויבן פאַטשן מיט די פליגל און ווילד שרייען:

— איך וויל נישט זיין קיין מאַשינען־הון! איך וויל נישט!

— אין אַזוינע פאַלן פלעגן צולויפן עטלעכע הינער און אויסצופן איר אַ פעדערל פון קאָפּ (אַ סגולה ביי הינער קעגן אַ בייז אויג). אין לול האָט מען זיך אָנגעהויבן שושקען, אָנווייזן אויפן קאָפּ: אַז זי איז נעבעך, הייסט עס, צוריקגעקומען — נישט פאַר קיין הון געדאַכט — נישט ביי די רייכע געדאַנקען...

אָט דאָס איז — האָט מען געזיפצט — אַז אַ לול־הון פאַרגלוסט זיך צו וויסן, וואָס ס'טוט זיך אויף יענער זייט לול.

# קינסטלער פון דער נאָענט

(פון אַ ראַדיאָ־שמועס)

..."ווער דעם דיכטער וויל פאַרשטיין, מוז אין לאַנד פון דיכטער גיין". געטע האָט דאָס טאַקע געזאָגט, פון דעסטוועגן איז דאָס, דאַכט זיך מיר, נאָר אַ האַלבער אמת. און כדי דער דאָזיקער האַלבער אמת, זאָל ווערן אַ גאַנצער, וואָלט מען דעם זאַץ געדאַרפט דערגענצן מיט נאָך איינעם. און דער צווייטער זאַץ וואָלט, לויט מיין מיינונג, געדאַרפט הייסן: "ווער דעם דיכטער וויל פאַרשטיין, מוז אין דיכטערס ווױנונג גיין"...

אַוודאי שפּילט דאָס לאַנד פון דיכטער אַ גרויסע ראָלע. דער קלימאַט און פּייזאַזש פון לאַנד, געשיכטע, כאַראַקטער און שטייגער פון פאָלק, קאָנען דינען ווי שליסלען צו אַ סך קאָמפּליצירטע ווערק. אָבער, ווי געזאָגט, נישט קיין קלענערע ראָל (אויב נישט די גרעסטע) אויף צו פאַרשטיין דעם דיכ־טער, שפּילט אויך זיין ווױנונג, זיין פּריוואַט־לעבן.

נישט ווען ער שטייט אויף דער טריבונע, פילנדיק אויף זיך די בליקן פון מאַסן־פאַרערער און באַוווּנדערער; נישט אויף אויפנאַמעס און באַנ־קעטן, און נישט אינעם בליץ־ליכט פון פאָטאָ־רעפּאָרטערס — קאָן זיך איינגעבן צו זען דעם קינסטלערס אמתדיקע געשטאַלט, אַנטדעקן דאָס געהיימע טירל — אָדער ריכטיקער: די געהיימע טירלעך — וואָס פירן צו דער פאַרבאָרגענער, קאָמפּליצירטער וועלט פון גרויסע שעפער. דאָס קאָן זיך אַ סך לייכטער איינגעבן אין זיין היים, ווען מען פאַרברענגט מיט אים שעהען־לאַנג טאָג־איין טאָג־אויס אין די דלת אמות פון זיין חדר. דעמאָלט האָט מען די געלעגנהייט אים צו אָבסערווירן פון דער זייט, אומבאַמערקט, אים אָבסערווירן ווען ער רעדט און ווען ער שווייגט, ווען ער איז פריילעך און ווען ער איז אומעטיק, ווען ער עסט און ווען ער שרייבט, אים אָבסערווירן אין זיין פאַרקער מיט אייגענע און מיט די שכנים, מיט איין וואָרט — אים אָבסערווירן דעמאָלט ווען ער ווייסט נישט, אַז ער ווערט אָבסערווירט.

דעם קינסטלערס וועלט איז אַ רייכע, אַ קאָלירפולע, אָבער אַ לאַ־

בירינטישע, ביי אַ סך — פול מיט סתירות און רעטענישן, מיט ווילדע, אויסטערלישע קאָנטראַסטן.

ס׳האָט עמעצער געזאָגט, אַז דער העכסטער באַרג, צוקומענדיק נאָענט צו אים, אַרויפקלעטערנדיק אויף אים, ווערט אַ סך קלענער און פלאַכער ווי ער האָט אויסגעזען פון דער ווייט. ביי אַ סך אַזעלכע „בערג פון דער נאָענט" וואָלט מען צו דער באַצייכענונג „קליין" אויך געדאַרפט צוגעבן דאָס וואָרט „נידעריק"... און וועלכן פאַרגלייך האָבן יענע מענטשן געדאַרפט געברויכן, וועלכע זענען געקומען אין דער נאָענט פון אַזאַ „הויכן באַרג", ווי דאָס איז, למשל, געווען דער פראַנצויזישער דיכטער פונעם 15־טן יאָרהונדערט — פראַנסואַ וויאָן, וועלכער איז פונקט אַזוי באַרימט געווען ווי אַ באַלאַדן־דיכטער, ווי אַלס — רויבער און גנב!

פאַראַן געשטאַלטן פון באַרימטע ווערק, וואָס זענען געוואָרן סימבאָלן פון גרויסע אידעען און אידעאַלן. די דאָזיקע געשטאַלטן וואָלטן רויט געוואָרן פאַר בושה, ווען זיי וואָלטן זיך געקענט נענטער באַקענען מיט זייערע גייסטיקע פאָטערס...

פרעגט זיך: ווער פוןביידע איז אין אַזעלכע פאַלן דער אמת — דער מענטש צי דאָס ווערק? און אויב דער מענטש, ווי אַזוי־זשע איז דאָס ווערק אַנטשטאַנען? ס׳איז דאָך נישט אַריין אַ דיבוק פון אַ רוח הקודש אין עפּעס אַ פּוסטן, קאַפּריזנעם, אַנגעבלאָזענעם, אָדער כאַראַקטערלאָזן מענטשן און אים דאָס ווערק דיקטירט, אָן זיין וויסן און ווילן... אין אַזעלכע באָבע־מעשיות (פון נאַאיוון און אומבאַוווסטן שאַפן) גלייבן מיר דאָך נישט מער. טאָ פון וועלכע פאַרבאָרגענע מקורות קוואַלט אַרויס ביי אַזעלכע קינסטלער דאָס גרויסע ווערק, דאָס גרויסע ליד, וואָס דערהייבט, לייטערט, פאַר־כישופט מיליאָנען געניסער? זאָלן מיר אַרויסגיין פון דעם כלל, אַז פון אייביק אָן האָבן זיך מזווג געווען רויזן מיט דערנער, האָניק מיט גיפט? אָדער זאָלן מיר דאָס פאַרענטפערן דערמיט, אַז דער שאָטן פון אַ ריז מוז זיין אַ גרעסערער ווי דער שאָטן פון אַ קאַרליק?

זענען דאָך אָבער פאַראַן (און צום גליק זייער אַ סך)ביישפּילן ווו דער מענטש און דאָס ווערק זענען איינס, נישט פונאַנדערצוטיילן. פאַראַן „בערג", וואָס אַרויפקלעטערנדיק צו זייערע העכסטע שפּיצן פאַרלירט מען

בלויז וויזיאָנעל די מאָס פון זייער הויכקייט, מען באַנעמט זיי אָבער מיט אַנדערע חושים, מען פילט די הויכקייט דורכן אָטעמען די ריינע, קלאָרע באַרג־לופט. מען הערט זי דורכן פאַרכאַפּנדיקן געפּלאַפּל פון די באַרג־קוואַלן. דאָס פאַרגעטערטע בילד, וואָס אַ לייענער האָט זיך געמאַכט וועגן אַזאַ קינסטלער, ווערט טאַקע פון דער נאָענט פאַרמענטשלעכט; ער אַנט־דעקט טאַקע אין זיין פּנים מענטשלעכע קנייטשן, (נישטאָ קיין לעבעדיק פּנים אין גאַנצן אָן אַ קנייטש), אָבער זיי שטערן נישט. חוץ דעם קאָנען קנייטשן אין אַזעלכע פּנימער אויך זיין — חן־גריבלעך...

זענען, טאַקע די פאַרצייכענונגען, זכרונות, טאָג־ביכער פון די אַלע, וואָס האָבן אָבסערווירט גרויסע קינסטלער פון דער נאָענט, זיי געזען, אַזוי צו זאָגן אין שלאָפראָק און פּאַנטאָפל, נישט בלויז טשעקאַווער און פּיקאַנטער לייען־שטאָף, נאָר קאָנען זיין ווערטפולער רוימאַטעריאַל פאַר ערנסטע ליטעראַטור־געשיכטלעכע (און אויך פּסיכאָ־אַנאַליטישע) פאָר־שונגס־אַרבעטן.

## פעלקער וואָס זינגען

„וואָ מאַן זינגט, דאַ לאָס דיך רוהיג נידער
בייזע מענטשן האָבן קיינע לידער"
(אַ דייטש ווערטל)

אויף פּראָסט יידיש הייסט עס, אַז פאַר פעלקער, וואָס זענען רייך אין לידער דאַרף מען קיין מורא נישט האָבן. אַזוינע פעלקער קאָן מען רויִק זיך אָנפאַרטרויען. וויל ליד איז דאָך געטלעכער פונק, איז דער פּילקאָלירנדיקער רעגנבויגן פון דער מענטשלעכער נשמה, איז דער מיל־יאָנען־וויטער מהלך צווישן מענטש און חיה, מענטשן וואָס זענען פעיִק צו זינגען קאָנען, הייסט עס, נישט האָסן, נישט זיין אַכזריותדיק צום מיט־מענטשן, צום פרעמדן.

און „זינגען" מיינט אויך געזאַנג פון וואָרט, פון פאַרב, פון בראָנז און מאַרמאָר, — מיינט דיכטונג, פילאָזאָפיע, מאָלעריי, סקולפּטור,

מיינט אַלץ וואָס שטראַלט אויס פון שעפערישן מענטשלעכן גייסט, וואָס שטראָמט פון די טיפענישן פון מענטשלעכע געפילסקוואַלן.

האָבן טאַקע מיר יידן אויף אונדזערע ווייטע וואַנדערונגען נישט איין מאָל אויפגעשטעלט אונדזערע געצעלטן צווישן זינגענדיקע פעלקער, מיט דעם זיכערן גלויבן אַז „בייזע מענטשן האָבן נישט קיין לידער".

בלויז ביי די טייכן פון בבל האָבן מיר די פידלען אויפגעהאָנגען אויף די ווערבעס און זיך אָפּגעזאָגט צו זינגען אויף פרעמדער ערד. אויף די ווייטערדיקע וואַנדערונגען האָבן מיר די פרעמדע ערד ליב באַקומען, זיך אין איר איינגעוואָרצלט, און די פרעמדע לידער האָבן מיר מיטגעזונגען. זיי איינגעוועבט אין אונדזערע תפילות, אויסגעשפּילט אויף אונדזערע פידלען.

אַזוי לאַנג ביז —

דאָס „זינגענדיקע פאָלק" האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רוצחישן פאָלק, זיינע האַרפן — אין שאַרפע העק, וואָס האָבן געהאַקט יידישע קעפּ פון טאַטעס, מאַמעס, קינדער...

דעם שענסטן „לאָרבער קראַנץ" האָט זיך פאַרדינט דאָס „פאָלק פון דיכטער און דענקער" מיט זיינע „דערהויבענע" אַריער-געזאַנגען, וואָס האָבן צו זיך נישט קיין גלייכן צווישן די פעלקער פון אַלע צייטן.

און טראַכטנדיק וועגן די אַלע פעלקער, וועמענס לידער מיר האָבן געזונגען, געזונגען מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה, נעם איך ווי אַ ביישפּיל מיין געוועזן היימלאַנד — רומעניע.

רייך איז דאָס רומענישע פאָלק אין לידער ווי קיין אַנדערס. די רומענישע פּאַסטעכער-לידער, די דוינעס, געהערן צו די שענסטע אין דער וועלט. מיט רעכט זינגט אַ רומענישער דיכטער וועגן די רומענישע דוינעס:

די סאָלאָוויים פון גאָר דער וועלט,
קומען אונדזערע דוינעס הערן.

און אויך די רומענישע „סירבאָס" און „האָראָס" געהערן צו די אָריגינעלסטע פאָלקס-לידער פון אוניווערסאַלן פאָלקלאָר. די אַלע „וואָ-לעכלעך" פון חזנישע תפילות און אַ סך יידישע פאָלקס-לידער זענען

גלגולים פון רומענישע דוינעס און פון אַ. ג. „קינטעטשע דע זשיאַליע"
(טרויער און בענקשאַפט־לידער). די רומענישע האָראַס און סירבאַס זענען
געוואָרן די עקסטאַטישע טענץ פון רבישע היף, פון יידישן חלוץ.

אַז אין יאַס האָט מען אין יאָר 1946 אויפגעפירט גאָלדפאַדנס
„כישופמאַכערין", האָט אַ רומענישער קריטיקער באַמערקט, אַז אַ דאַנק
גאָלדפאַדן האָבן רומענישע פאָלקס־מאָטיוון געוואַנדערט פון יאַס קיין
וואַרשע, ווילנע, אָדעס, ניו־יאָרק און אַזוי אַרום איז די רומענישע פאָלקס־
מוזיק פּאָפּולער געוואָרן אין דער גאַנצער, נישט נאָר יידישער וועלט.

אַקעגן וואָס איז דאָס אַלץ צו רייד געקומען? אַקעגן דעם, וואָס גראָד
איצט, סוף זומער 1956, ווערן עס קיילעכיקע פופצן יאָר זינט דאָס דאָזיקע
„זינגענדיקע פאָלק", האָט ביז צום גרונט צעשטערט די יידישע היימען און
אירע איינוווינער טיילס געטויט אויפן אָרט, טיילס געטריבן אין די טויט־
לאַגערן פון טראַנסניסטריע.

פון יענעם מאַרש איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון אַ בילד,
וואָס וועט קיין מאָל נישט פאַרווישט ווערן.

נאָך דריי טעג טרייבן אונדז איבער בלאָטיקע פעלד־וועגן, זענען
מיר פאַרנאַכט אָנגעקומען אין אַ וועלדל. דאָ האָבן מיר געדאַרפט איבער־
נעכטיקן. פון גראָען האַרבסט־הימל האָט געמערטשעט אַ רעגן אויסגעמישט
מיט שניי. מיר האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שווערע רוק־זעק און זענען
אַנידערגעפאַלן אויף דער זומפּיקער ערד, ווי אָפּגעהאַקטע בוים־שטאַמען.
פון אַלע זייטן האָט מען געהערט דאָס קרעכצן פון אַלטע און קראַנקע, דאָס
פּישטשען פון קינדער. ערגעץ האָט אַ ווילד געשריי דורכגעלעכערט די
לופט: אַ קינד איז אויסגעגאַנגען אין אַ מאַמעס אָרעמס. נישט ווייט פון
אונדז, אָפּגערוקט אין אַ זייט, זענען געלעגן צוויי מענטשן איבערגעדעקט
איבערן קאָפּ מיט אַ קאָץ. צוויי יידן זענען צוגעגאַנגען און אָפּגעדעקט
דעם קאָץ. אַ מאַן און אַ פרוי — פון אַ פריערדיקן טראַנספּאָרט — זענען
געלעגן צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. מען האָט זיי צוגעמאַכט די אָפּענע,
פאַרגלייזטע אויגן. איצט האָבן זיי אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן רויק געשלאָפן.
נישט ווייט פון זיי איז געלעגן דאָס ליידיקע פלעשל פון ציאַנקאַלי.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. אייניקע יונגע בחורים און מיידלעך האָבן

זיך צונויפגעקליבן אין איין קופּקעלע און אָנגעהויבן — זינגען. אין דער אומהיימלעכער פינצטערניש פון וואַלד האָט פּלוצעם פאַרקלונגען דאָס פּאָפּולערע רומעניש ליד „דע טשע?" (פאַרוואָס?) וואָס הייבט זיך אָן מיט די שורות:

וואָס האָט איר מיך פאַרשיקט פון אייך?
וואָס האָט איר מיך פאַרטריבן?

כאָטש דאָס דאָזיקע ליד ברענגט צום אויסדרוק די פּערזענלעכע בענקשאַפט פון דיכטער נאָך דער דאָרפישער ערד און היים, פון וועלכער ער איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן, האָבן אָבער די טענער אָנגערירט די בלוטנדיקע ווונדן פון די אויסגעזידלטע, וואָס זענען אַזוי גרויזאַם פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע דורותדיקע היימען. און ווייסט איר ווער ס'איז דער מחבר פון אָט דעם רירנדיק־שיינעם ליד? נישט קיין אַנדערער, ווי דער באַקאַנטער יידן־פרעסער, אָקטאַוויאַן גאָגאַ, וואָס איז אַ קורצע צייט געווען מיניסטער־פּרעזידענט פון דער רומענישער האַקנקרייץ־רעגירונג.

ווי־זשע ליגט דער שליסל צו דער רעטעניש? ווי האָט דער זעלבער דיכטער, וואָס האָט געקענט פאַרגיסן אַזוי פיל עכטע, אויפריכטיקע טרערן אויף דעם גורל פון אָרעמע אונטערדריקטע פּויערים (ווי למשל, אין דעם פּרעכטיקן ליד „נוי" — מיר) געקענט אין דער זעלבער צייט שיטן פּעך און שוועבל אויף אַן אַנדער, נאָך מער אונטערדריקטן און געראודפטן פאָלק, רופן צו מאָרד און פאַרניכטונג פון יידן?

דער דייטשישער שפּרוך, אַז „בייזע מענטשן האָבן נישט קיין לידער" איז אַזוי אַרום נישט מער ווי אַ פּוסטע פראַזע. קיינער האָט זיך וועגן דעם נישט אַזוי איבערצייגט ווי מיר יידן.

ווער זשע זענען אייגנטלעך די טיפּישע רעפּרעזענטאַנטן פון זייער פאָלק און נאַציע — די טאָמאַס מאַנס, צי די היטלערס? די גאָרקיס, צי די סטאַלינס? און וועלן אַ מאָל די ליכטיקע גייסטער באַזיגן די פינצטערע? דער קאַמף צווישן גאָט און טייוול גייט שוין אָן טויזנטער יאָרן. און ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט נאָך אָנגיין. און דעם סוף־רעזולטאַט קען קיינער נישט פאָרויסזען: ביידע טיילן זענען גלייך שטאַרק...

איז טאַקע פאַר די צווישן אַלע פעלקער צעזייטע און צעשפּרייטע ייִדן נישטאָ קיין אַנדערע רעטונג ווי נאָר: אייגענע פיר ווענט, אַן אייגן ווינקעלע. נאָר דאַן וועט דאָס שווער געפּרוווטע ייִדישע פאָלק אויפהערן דינען ווי אַ צילברעט פאַרן אויסברוך פון בעסטיאַלישע ליידנשאַפטן.

1956

## ווען וואָס עס גייט *

— — — דו האַלטסט, אַז ס'איז אַן אומזין צו קעמפן היינט פאַר ייִדיש אין ישׂראל. דו שרייבסט: „בייך, מיין פריינד, ארץ־ישׂראל מוז זיין העברעיִש. העברעיִש איז נישט קיין שפּראַך, ס'איז אַ סינטעז. אַז איך וועל קומען אַהין, וועל איך קעמפן פאַר אָט דעם סינטעז. און פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם דאָזיקן סינטעז גייט אויך אַריין דאָס בעסטע און דאָס שענסטע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ייִדיש".

ווי קומסטו אויף אַזאַ געדאַנק, אַז דאָ גייט אַן אַ קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פון ייִדיש? דאַכט זיך, אַז אַזאַ זאַך וועט היינט נישט איינפאַלן אַפילו דעם פאַנאַטישסטן ייִדישיסט. פאַרן אומקום פון די מיליאָנען ייִדיש־אַרמייער, פאַרן אויפקום פון דער מדינה, וואָלט נאָך אַזאַ קאַמף געהאַט אַ לאָגישן זינען. אויב ס'גייט דאָ אַן אַ קאַמף, איז עס, אַז מ'זאָל לאָזן לעבן דאָס, וואָס לעבט, נישט אומברענגען עס. האָט עס דאָך אַ רעכט זיך אויסצולעבן אין דער ייִדישער מדינה, אַזוי לאַנג ווי ס'האָט נאָך יאָרן...

אָבער נישט ווען ייִדיש גייט אַצינד, ס'גייט ווען ייִדישקייט. אויב קאַמף, וועט עס זיין אַ קאַמף טאַקע פאַר אָט דעם סינטעז, ווען וועלכן דו רעדסט. „זיי" וועלן אויף קיין פּשרות נישט איינגיין. דאָס איז זיכער.

---

* דער דאָזיקער מאמר איז היינט, נאָך דרייצן יאָר, נישט נאָר נאָך אַקטועל, נאָר דער פּראָבלעם ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ שאַרפער און אַנגעווייטיקטער. דער פאַקט אַליין, וואָס דער מחבר פון „בקץ הימים", באַמיט זיך איצט צו לעשן די שׂריפה, וואָס ער האָט דעמאָלט אַליין אונטערגעצונדן — באַשטעטיקט דאָס אַמבעסטן.

ס׳איז אויפגעשטאַנען אין ישראל אַ נייער דור אַשר לא ידע את גלות. ביי טייל פון אָט דעם דור איז די צווייטוויזנטיעריקע יידישקייט אַ שאַנדפלעק, וועלכן מ׳מוז אָפּמעקן פון דער יידישער קולטור־געשיכטע און פונעם יידישן באַוווסטזיין. יאָ, די סכנה וואָס באַדראָט אונדז, איז אַ פיל גרע־סערע. ס׳איז מעגלעך, אַז די צוויי „שונאים״ פון נעכטן — די יידישיסטן צוזאַמען מיט די אַלטע העברעיִסטן, וועלן זיך מאַרגן דאַרפן פאַרייניקן אין אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן אָט דער וואַקסנדיקער געפאַר.

ביי אָט די כנענים איז דאָך די גאַנצע העברעיִשע ליטעראַטור ביז זיי — מקצה מחמת גלות. די דאָזיקע גרופּע איז היינט נאָך אַ נישטיק־קליינע. אָבער יעדע באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן צו אַ געפאַר, האָט קליין אָנגעהויבן... די צייטונג זייערע („אַלף״) ווערט געלייענט פון אַ קליינער צאָל סאַברעס. און דאָך זענען די דאָזיקע געצנדינער נישט אַזוי איזאָלירט, און זייער השפעה אויפן געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן לעבן אין ישראל איז אַ פיל גרעסערע ווי מ׳שטעלט זיך פאָר. דאָס באַווייזט דער פאַקט, וואָס די פּיעסע „בקץ הימים״ פון חיים הזז ווערט אַצינד אין דער „הבימה״ וואָרעם אויפגענומען פון אַ גרויסן טייל העברעיִשע קריטיקער. אין אָט דער פּיעסע לאָזט דער הויפּט־העלד, וואָס סימבאָליזירט דעם גאולה־געדאַנק, פאַרברענען דעם גלות. אין לעצטן אַקט זעט מען טאַקע ווי דער גלות ברענט. אַלץ גייט אויף אין רויך: דער קליינער סוחר מיטן קרעמל, דער וווכערניק מיטן געלט־בייטל, דער בדחן מיט זיין ליד, דער רב מיט זיינע ספרים... צוויי טויזנט יאָר יידישקייט גייט אויף אין פלאַמען.

איך בין געזעסן און געטראַכט: אַצינד ווערן פאַרברענט: דער רמב״ם און יהודה הלוי, דער בעש״ט און ר׳ לוי יצחק, פּרץ און שלום עליכם. ס׳ברענט בערדיטשעוו און בראָד, ווילנע און כעלם... און אויך דו, מיין טייערער, דיין סימפאָניע, דיין שיר־השירים פון יידיש, וואָס האָט אין זיך אַלע עלעמענטן צו לעבן אייביק, — אויך דיין ליד האָב איך געזען שטאַרבן מיט דעם אויטאָ־דאַ־פע־טויט. אַלץ איז אַוועק מיטן רויך. פונעם גאַנצן יידישן פאָלק זענען בלויז צוריקגעבליבן די „כנענים״. פון אַלע יידישע אותיות — בלויז איין „אַלף״...

אַ שוידער האָט מיך אַדורכגענומען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז

איך געפין זיך ווידער „דאָרט" און וואַרט אַצינד אויף מיין ריי, אויף מיין אייגענער „ליקווידאַציע"...

אַז דער פאַרהאַנג איז געפאַלן, בין איך אַרויס אין גאַס אַן אָפּ־געקאָכטער, ציטערנדיק מיט אַלע אברים. די קילע נאַכט־לופט האָט מיך אַ ביסל אָפּגעפרישט, באַרויִקט. האָב איך דריי מאָל אויסגעשפּיגן, ווי נאָך אַ בייזן חלום. איך גלייב נישט אין קיין חלומות, פון דעסטוועגן — וויפל בייזע חלומות זענען שוין נישט מקוים געוואָרן אין אונדזער צייט!

ניין, נישט וועגן יידיש־העברעיִש גייט עס, נאָר וועגן אַ סך וויכטי־קערס. ס'גייט וועגן זיין אָדער נישט זיין; וועגן דעם, צי וועלן מיר פאַר־בלייבן ביי אונדזער אייגענער געשטאַלט, אָדער מגלגול ווערן אין אַ מין פאַרזעעניש לויטן מוסטער פון די „כנענים".

1950

# אַלטע ביימער

אין דער גרויסער שטאָט זעט מען נישט, אַז יונגע גאָרטן־ביימער זאָלן וואַקסן סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, אָן אַ פּלאַן, אָן אַ מאָס און פאַרעם. דאָס קאָן נאָך היינט געמאָלט זיין ערגעץ אין אַ וויטן אָפּגעשטאַנען דערפל. אין דער גרויסער שטאָט זענען פאַראַן ביימער־קאָסמעטיקער. פון אַזעלכע „פאַרשענערונגס־סאַלאָנען" קומט אַ ביימל אַרויס אַן אַרומגעשוירנס, מיט אַן אָנדולירט קעפּל, לויט דער לעצטער גאָרטן־מאָדע.

די ביימער־קאָסמעטיקער זאָרגן פאַר דער „שלאַנקער ליניע" פון זייערע „קליענטן". ווי נאָר אַ ביימל צעצווייגט זיך אַ ביסל אין דער ברייט, קומען זיי צוגיין מיט די גרויסע שערן און מעסערס און שניידן אַוועק דאָס, וואָס איז איבעריק. פעטלייביקייט איז אַלט־פרענקיש. מיאוס. גרויס־שטאָטישע גאָרטן־ביימער וואַקסן לויט די פאָרשריפטן פון זייערע גערטנער־דערציער.

און אַקעגנאיבער אַזאַ מאָדערנעם גאָרטן, אויפן ברייטן טראָטואַר פון שאָסיי, שטייען — איינער נאָכן אַנדערן — דריי ביימער. זייער טונקל־גרויע קאָרע איז געקנייטשט און געקאַרבט פון אַלטקייט, זייערע ברייטע רוקנס זענען דריי־ און פירפאַכיק געשפּאָלטן, געקרומט און געבויגן. די דריי ביימער שטייען אין מיטן דעם ברייטן טראָטואַר פון דער רוישנדיקער טומלענדיקער גאַס. מען האָט פאַר זיי איבערגעלאָזט אַזוי פיל ערד וויפל זייערע רונדע, ברייטע שטאַמען פאַרנעמען, דאָס הייסט קוים דאָס לעבן צו דערהאַלטן. זעען אויס די אין מיטן פון ברייטן טראָטואַר צוריקגע־לאָזענע ערד־קרייזן — ווי שטיגן, און די אַלטע ביימער — ווי געפאַנגענע ריזן, וואָס זענען אַהער געבראַכט געוואָרן פון ווייטע לענדער און זענען דאָ פאַרשפאַרט געוואָרן.

אין דער אמתן אָבער, זענען די אַלטע ביימער נישט געקומען צו דער שטאָט, נאָר די שטאָט צו זיי. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, איז דאָ געווען זייער היים, געווען אַ ווילדע לאַנד־פלאַך, אַ פרייע און אַן אייגענע — פאַר ווילד־פלאַנץ און ווילד־גראָז, פאַר ווילד־בוים און ווילד־בלום, פאַר שלאַנג און יאַשטשערקע, פויגל און שאַקאַל.

האָט שטאָט דערקלערט קריג דעם ווילדן סטעפּ, אים איבערגעפאַלן פון אַלע זייטן, פאַרטריבן זיינע באַוווינער, פאַרניכטעט זיינע ווילדע געוויקסן. נאָר זיי, די דריי ביימער, האָט מען געשענקט דאָס לעבן. געלאָזט זיי ווי אַ זכר, ווי אַ מאָנומענט פון שטאָטס נצחון — לעבעדיקע גענומען זיי אין געפאַנגנשאַפט...

קוקן די יונגע אויסגעפּוצטע גאָרטן־ביימער אויף די דריי אַלטע ביימער ווי אויף אויסטערלישע באַשעפענישן, גאַפן און חוזקן פון זייער ווילדקייט, אומגעלומפּערטקייט.

און די דריי ריזן, וואָס האָבן אין משך פון זייער לאַנגן לעבן אויסגעהאַלטן דונערן און בליצן, זיך אַנטקעגנגעשטעלט שטורעמס און הוראַגאַנען, — בייגן איצט טיפער די קעפּ צו דער ערד, ווי אַ צייכן פון קאַפּיטולאַציע...

## דער שפּיגל

צוריקקומענדיק פון דער לוויה זענען זיי ביידע שווייגנדיק געגאַנגען פון דער אויטאָבוס־סטאַציע צו דער וווינונג.

זי איז גלייך געגאַנגען אַהיים. דער מאַן איז צוגעגאַנגען צו דער שכנטע, דאָס דריטע הויז פון זייער דירה, כדי אָפּצונעמען זייער פיר יעריק מיידעלע.

דאָס קינד האָט דאָרט אַ חברטע אין אירע יאָרן און איז גערן צוריקגעבליבן זיך שפּילן ביז דער אבא און די אמא וועלן צוריקקומען פון „דאָרטן", וווהין זיי האָבן געדאַרפט אָפּפירן די סבתא.

זי האָט געעפנט די טיר פון דער דירה און איז אַריין אין שטוב. ערשט איצט האָט זי דערפילט די גאַנצע מידקייט פון די לעצטע טעג, אַ מידקייט אויף אויסצוגיין. די פילע שלאָפלאָזע נעכט און די אויפרעגונג פון דער לעצטער נאַכט האָבן איבערגעלאָזט טיפע שפורן. איר פנים איז ווי איינגעפאַלן, געקנייטשט געוואָרן. די תמיד לויכטנדיקע לעבעדיקע אויגן זענען איצט געווען מאַט און אויסגעלאָשן, אירע ליפּן בלייך און פאַר־וויאַנעט און איר עלאַסטישע שלאַנקע פיגור איז איצט ווי איינגעשרומפּן, קלענער געוואָרן.

אָנגעטאָן אין שוואַרצן קלייד און מיטן שוואַרצן טיכל אויפן קאָפּ, איז זי, גייענדיק פון דעם האָל צום זיץ־צימער, פלוצעם שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטע. פון דעם גרויסן וואַנט־שפּיגל האָט צו איר אַרויסגעקוקט — דאָס פנים פון דער מאַמען.

אַ שוידער איז אַדורך אַלע אירע גלידער. זי האָט גיך אַ כאַפּ געטאָן אַ דעק און פאַרהאַנגען דעם שפּיגל...

## מיר איז גוט איך בין אַ זקן

איך בין שוין לאַנג אַריבער אַלע שטורעמס, שוין לאַנג אויסגע־פיבערט אַלע פיבערן. איצט בין איך „אויף יענער זייט פון גוט און בייז". איצט איז ביי מיר שטיל, רויִק, — אַ מחיה!

דעם טויט פון מיין „אַלטער" האָב איך שוין לאַנג אַדורכגעוויינט, אַזוי אויך דאָס צעפאָרן זיך פון די קינדער אין אַלע עקן פון דער וועלט. איצט איז די טעמפּעראַטור ביי מיר אַ גלייכמעסיקע, נישט הייס און נישט קאַלט, נישט ווינטיק און נישט דושנע.

מיינע שכנים זענען גוט צו מיר. יעדן טאָג קומט אַריין צו מיר אַן אַנדערע שכנטע. איינע בעט מיך איך זאָל איר „דערלויבן" אַ ביסל אויפ־צורוימען מיין צימער. די צווייטע פרעגט, צי איך וועל נישט האָבן קיין פאַראיבל ווען זי וועט מיר עפּעס אָפּקאָכן. אַ דריטע וויל, איך זאָל איר

אַ טובה טאָן און זי לאָזן אויסוואַשן פאַר מיר אַ העמד... (ביז די הענט האָבן מיר נישט אָנגעהויבן ציטערן, פלעג איך דאָס אַלץ אַליין טאָן). יאָ, די שכנים זענען גוט צו מיר. אַלע זענען צו מיר גוט.

מיר איז גוט, איך בין אַ זקן.

אין פול־געפּאַקטע אויטאָבוסן הייבן זיך פאַר מיר אויף די שענסטע פרויען און באָטן מיר אָן זייערע פּלעצער... פון שטיין אויף די פיס בין איך איצט באַוואָרנט. און אויך אין תור שטיי איך נישט מער. אַנומלט בין איך אַוועק צו דער פּאָסט קויפן אַ בריוו־מאַרקע. דער תור איז געווען אַ לאַנגער. נאָר אויסנוצנדיק מיין „פּריווילעגירטקייט", האָב איך מיך אַוועקגעשטעלט גלייך פון פאָרנט, דער ערשטער. שרייט צו מיר איינער אַ צוציק פון הינטן: אַדון, יש תור! רופט זיך צו אים אָן אַ דאַמע: אין דבר! אַז דו וועסט זיין אין זיינע יאָרן, וועסטו אויך נישט דאַרפן שטיין אין תור...

אָ, מיר איז גוט!

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט וועק איך מיך אָפּט איבער אין מיטן דער נאַכט און קאָן שוין מער נישט איינשלאָפן. קיין זייגער האָב איך נישט (נאָך וואָס באַדאַרף איך אַ זייגער?) נאָר איך האָב שוין מיינע סימנים כדי צו וויסן „מה מליל": איז די שטוב באַלויכטן פון אַ טונקעלן רויט־מאָטן ליכט, ווייס איך, אַז אין מיין גאָס זענען נאָך די עלעקטרישע לאָמפּן נישט אויסגעלאָשן געוואָרן, און דאָס הייסט, אַז עס איז פאַר דריי דער זייגער. ווערט אין צימער גאַנץ פינצטער, איז שוין נאָך דריי אַ זייגער. ווערט דאָס ליכט אין מיין שטוב טונקל־גרוי, איז אַ סימן, אַז אין דרויסן טאָגט שוין. באַלד הערן זיך טאַקע קולות און טריט פון מענטשן, וואָס איילן זיך צו כאַפּן דעם ערשטן אויטאָבוס. מ'הערט דאָס געקלאַנג פון פלעשער פונעם מילך־מאַן און באַלד אויך דאָס גלעקל פון אייז־מאַן. דער רעש און געטומל מערן זיך. מענטשן איילן צו די פאַבריקן, משרדים, געשעפטן. איך אָבער ליג רויִק אונטער דער וואַרעמער דעק. מיך גייט דאָס אַלץ נישט אָן, איך בין פּטור פון אַלע פליכטן, באַפרייט פון אַלע עולן.

מיר איז גוט... נאָר מאַנכעסמאָל טרעפט:

איך קוק דורך מיין אָפן פענצטער אַרויס אין גאַס. ס'איז אַ בלאָער זומערדיקער אָוונט. די גאַס רוישט און ברויזט. קינדער ליאַרעמען. יונג־

וואַרג שפּילט זיך מיט געשריי און געלעכטער, יונגע פּאָרלעך, געאָרעמט, שוועבן פאַרביי — צו די קינאָס, צו די טעאַטערס, צו די טאַנץ־לאָקאַלן, — צום לעבן.

דעמאָלט קוק איך זיי נאָך. אין האַרצן טוט עפּעס אַ צאַפּל. איך טראַכט: די עלטער פאַלט צו ווי די ארץ־ישראלדיקע נאַכט — פּלוצעם, אומגעריכט, אָן אַן איבערגאַנג, אָן אַ דעמערונג...

פאַר די אויגן הייבן־אָן שוועבן בילדער פון יונגע יאָרן, פון יענע יאָרן, ווען מיר איז נאָך נישט געווען... אַזוי גוט.

## דער שפּינער

יעדן אין דער פרי, פּאַרנדיק צו דער אַרבעט, זע איך אים זיצן אויף אַ באַנק אין דער שדרות־ירושלים פון יפו און „שפּינען". זיינע הענט באַ־וועגן זיך שנעל, שנעל; מיט די פינגער פון דער רעכטער האַנט שפּינט ער, און מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט וויקלט ער די „אויסגעשפּונענע" וואָל אויפן שפּינדל אַרויף... אַזעלכע פאַכמעניש־געניטע זענען זיינע באַ־וועגונגען פון הענט און פינגער, אַז אויב עמעץ האָט נאָך נישט געזען ווי אַזוי אַזאַ שפּינער זעט אויס, קאָן ער עס דאָ זען...

שוין עטלעכע יאָר זע איך אים אַזוי זיצן און „שפּינען". פריער האָט ער געהאַט זיין „וואַרשטאַט" אין דער שדרה פון בת־ים, איצט — אין יפו.

האַלב אַכט אַ זייגער זיצט ער שוין און „אַרבעט" און פּינקטלעך פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג הייבט ער זיך אויף און פאָרט מיטן אויטאָבוס — אַהיים? ווער ווייסט צי ער האָט אַהיים און ווו זי געפינט זיך. און אפשר איז די היים זיינע פּונקט אַזאַ ממשותדיקע ווי זיין שפּינעריי...

ער דאַרף זיין אין די זעכציקער. זיין באָרד איז שוין היפּש גרוי. איידער ער זעצט זיך אַרבעטן, זעט ער אויס בייזלעך. נאָר בשעת ער זיצט אויף דער באַנק און זיינע פינגער באַוועגן זיך פלינק (צו פלינק פאַר זיינע יאָרן) דעמאָלט באַקומט זיין פּנים אַ מילדן אויסדרוק. ווער שמועסט

ווען ער הייבט זיך אויף נאָך אַ טאָג פון אַרבעט, נעמט דעם שווערן זאַק מיט לאַכעס אויף די פּלייצעס און דעם שווערן מאַנטל מיט צענדליקער לאַטעס, פאַרוואָרפט ער אויפן אָרעם — דעמאָלט ווערט זיין פּנים ווי באַשטראַלט פון אַ ווייטן ליכט און אַ קוים־באַמערקבאַרער שמייכל צעגיסט זיך איבער זיין באָרד.

די וועלט, פון וועלכער ער איז אַהער אַנטלאָפן, עקזיסטירט נישט מער. אַלע וועגן צו איר זענען צעשטערט, אַלע שפורן — פאַרווישט. און דאָ, אין דער וועלט, איז גוט. דאָ איז ער געזיכערט און געשיצט קעגן אַלע בייזע ווינטן פון יענער וועלט, קעגן אַלע סכנות. דאָ זענען נישטאָ קיין פּחד, קיין ווייטיקן, קיין אומגליקן.

און אויך די אוצרות וואָס ער שפּינט־אויס און זיי פאַרמערן זיך מיט יעדן טאָג, ליגן פאַרשפּאַרט אין זיכערע מאַגאַזינען. קיין שטורעמס קאָנען זיי נישט צעשטערן, קיין גנב קען זייערע שלעסער נישט אויפּ־ברעכן. קיין פרייזבעסע איז נישט אימשטאַנד זיין פאַרמעגן צו פאַרמינערן.

יעדן טאָג זע איך אים זיצן און שפּינען, שפּינען.

און נישט איין מאָל האָב איך דאָס געפּיל, אַז — איך בין אים מקנא...

## אַ יורד

ער זיצט אין קאַבינעט פון זיין אַמאָליקן חבר, — היינט אַ גאָר הויכער מלוכה־מאַן. אויף זיין ערשטער שריפטלעכער ווענדונג צום פריינט, אַז ער געפינט זיך אין לאַנד און וויל זיך מיט אים זען, האָט ער לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן אויף קיין ענטפער. ער האָט באַלד באַקומען אַ בריוול (מאַשין־שריפט, אויף אַן אַמטלעכן בלאַנק), אַז „ער וועט זיך זייער פרייען" אים צו זען אין זיין משרד, דעמאָלט און דעמאָלט, צווישן דער און דער שעה. געשריבן איז דאָס בריוול געווען אויף עברית, מיט אַ „דרישת שלום" פאַר דער אונטערשריפט. דער נאָמען — אַ נייער, אַ העברעיִזירטער, און דאָס כתב־יד אַליין — אויך אַ געענדערטער, נישט די אַמאָליקע אונטער־שריפט, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט.

מיט 35 יאָר צוריק זענען זיי געווען אין איין יוגנט־אָרגאַניזאַציע. און אויך פּערזענלעך — אינטימע חברים. נישט געמאַכט קיין שריט איינער אָן דעם צווייטן. זיך אָנפאַרטרויט די אינטימסטע סודות. צוזאַמען געהונגערט, צוזאַמען זיך געטיילט מיטן ביסן. עס ליגן אים נאָך היינט אין טעם זייערע אויספלוגן צוזאַמען מיט די פּאַרטיי־חברים אין ווייטע וועלדער; די קאָלעקטיווע סעודות אין וואַלד אויף אויסגעשפּרייטע קאָצן; די פאַרכאַפּנדיקע געזעלשאַפט־שפּילן; די שיינע נאַציאָנאַלע און קאַמף־לידער, וואָס פלעגן פאַרהילכן אין וואַלד. און דערנאָך — דאָס אומבאַמערקטע פונאַנדערפאַלן זיך פון דער גרופּע פּאַרלעכווייז, יעדער מיט זיין מיידל אין אַן אַנדער ריכטונג... צומאָרגנס האָבן זיך די צוויי חברים געהאַט אַזוי פיל צו דערציילן!... ער דערמאָנט זיך אויך אַ טאָג, אַזאַ שיינעם פאַר ביידן: ערשטער מאַי־פּאַראַד, ער מיטן חבר — אין דער ערשטער ריי מיט די פאָנען אין די הענט. אַרעסטן. זיי ביידע — אין איין צעל. אָ, ווי גליקלעך זענען זיי דעמאָלט געווען!...

ער זיצט אין אַ זייט. אין אַ ווייכן פאָטעל. דער פריינד האָט אים דעם פּלאַץ אָנגעוויזן. געבעטן צוואַרטן איין רגע, ביז ער וועט זיך אָפּפּאַרטיקן. וואַרט ער. סעקרעטאַרקעס שוועבן אַריין און אַרויס, קוים וואָס זיי באַרירן די ערד, טראָגן אונטער אָקטן און בריוו צום אונטערשרייבן. אין פּאַרצימער זיצן אַ סך וואַרטנדיקע. פאַרן משרד שטייען אַ סך אויטאָס. אַ שוטר דרייט זיך אויף און אָפּ...

ער קוקט אויפן אַמאָליקן יוגנט־חבר. דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז ערנסט, קיל און העפלעך. דער שטערן — שטרענג־געקנייטשט. יעדעס וואָרט — געוואויגן און געמאָסטן. ער קאָן נישט אָפּרייסן די אויגן פונעם פריינד. ער זוכט צו אַנטדעקן אויף זיין פּנים כאָטש אַ שפּור פון זיין אַמאָליקער קינדישער זאָרגלאָזיקייט, און אויף זיינע ליפּן — אַ סימן פון יענעם זוניקן שמייכל, וואָס האָט געוווּנען אַזוי פיל הערצער, באַזונדערס מיידלשע...

קוקט ער אויף זיין אַמאָליקן חבר און ס׳נעמט אים אַרום אַ טרויער און — אַ רחמנות אויף אים. ער קוקט אויף אים, קוקט, און טראַכט: נעבעך, וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן!...

יצחק פאַנער

# קעגן־סם

אויף דער פרישמאַן־גאַס, צווישן דער רחוב סירקין און דב הוז, געפינט זיך אַ גרויסע אַכט־קלאַסיקע פאָלקסשול.

יעדן טאָג, אַרום אַכט אַ זייגער אין דער פרי, איידער עס הייבן זיך אָן די לימודים אין די קלאַסן, מאַכט מען מיט די קינדער גימנאַסטיק אין דעם ריזיקן הויף פון דער שול.

אין עטלעכע לאַנגע רייען שטייען די קינדער און אונטערן טאַקט פון אַ פייפל, באַגלייט פון אַ קליין פּיקל פון דעם גימנאַסטיק־לערער, ווערן אויסגעפירט פאַרשידענע גימנאַסטישע איבונגען.

די גופימלעך פון די קינדער באַוועגן זיך, בייגן זיך אין אַלע ריכטונגען, ווי יונגיקע ווערבע־ביימלעך אין ווינט. קיין קערפּער־טייל, קיין געלענקל ווערט דערביי נישט „געקריוודעט", פאַר יעדן קומט זיין ריי. און אין דער צייט ווען מענטשן, אָנגעטאָן אין דיקע סוועטערס און מאַנטלען, פאַרוויקלט די העלדזער מיט וואָלענע שאַליקלעך, לויפן פאַרביי די גאַס, — שטייען זיי, די יונגע „אַקראָבאַטלעך" אין די קאַלטע און פוילע יאַנואַר־ און פעברואַר־טעג, אין די הוילע העמדלעך און קורצע הייזלעך, מיט די נאַקעטע קניעלעך, צופרידענע, צעשמייכלטע, מיט צעפלאַמטע בעקלעך, און באַוועגן זיך צום טאַקט פון דעם לערערס פייפל און פּייקל.

איך בלייב אָפט שטיין פאַר דער דראָטענער פאַרצוימונג פון הויף און קוק זיך לאַנג צו צו דעם דאָזיקן בילד. און תמיד, אַז איך גיי אַוועק פון דאָרט, באַהערשט מיך אַ געפיל פון רו און — זיכערקייט. די זיכערקייט, אַז אָט די קינדער, אויסגעוואַקסענע, אויסגעשולטע אין אַלע ספּאָרטלעכע איבונגען, פאַרהאַרטעוועטע און אימוניזירטע קעגן יעדן פחד־געפיל קעגן יעדן סאָרט פון פסיכישער און פיזישער פאַרקילונג — וועלן זיין דער זיכערסטער און ווירקזאַמסטער קעגן־סם פאַר דעם שנאה־סם פון אונדזערע שונאים...

# אַ גאַס אין צפון תל־אביב

איינע פון יענע ברייטע און שטילע גאַסן, וואָס מיט זייערע ווילי־ע־אַרטיקע הייזער, אַרומגערינגלט פון צעבליטע, פיל־קאָליריקע בלומען־גערטנער און הויכע געדיכט־צעצווייגטע ביימער, דערמאַנען זיי די פאַר־נעמע קוואַרטאַלן פון וועלט־שטעט.

אַזוינע קוואַרטאַלן ליגן געוויינטלעך, ווייט אָפּגערוקט פון קאָכעדיקן טומלענדיקן צענטער, כדי נישט צו שטערן די רו פון זייערע פאָרנעמע באַוווינער.

אין איינעם אַזאַ איין־שטאָקיקן הויז ווערט די דרויסנדיקע פאַסאַדע רעמאָנטירט. אויף רושטאָוואַניעס שטייען אַרבעטער און שמירן, גלעטן אויס די שפּאַלטן. דאָס לעבן אין די שטובן ווערט אָבער דורך די דרויסנדיקע אַרבעטן נישט געשטערט. אויפן באַלקאָן פון ערשטן שטאָק שטייט אַ פרוי און קלאַפּט אויס קאָצן. פון אַן אָפן פענצטער דרינגען אַרויס קלאַנגען פון אַ פּיאַן, קלאַנגען פון שאָפּענס „פאַנטאַזיע אַמפּראָמטי" צעגיסן זיך איבער דער פרידלעכער פּאַרק־גאַס.

אויף דער רושטאָוואַניע שטייט אַ בחור מיט לאַנגע פאַרשמירטע הויזן און מיט אַן אויסגעשמירט פּנים פון קאַלך און צעמענט. ער מאַכט נייע פאַרפּוצונגען ביי די פאַסאַדע־ראַנדן. ווען דאָס קלאַוויר־שפּיל הערט אויף, לייגט דער בחור אַוועק זיינע אַרבעט־מכשירים און אַפּלאָדירט מיט די פרייגעמאַכטע הענט, רופנדיק:

— בראַוואָ! בראַוואָ! זייער שיין!

ביים אָפענעם פענצטער באַווייזט זיך דער קאָפּ פון אַ מיידל. זי מאַכט אַ קאָמישע פאַרבויגונג און זאָגט מיט אַ שפּאָטיש־שטיפעריש שמייכל:

— איך בין טיף גערירט...

— ניין, — זאָגט דער בחור — איך מיין עס ערנסט. איר האָט באמת גוט געשפּילט. בלויז — פאַרריכט ער זיך — ביים לאַרגאָ זענט איר געווען אַ ביסל צו זיסלעך...

— יאָ — רויטלט זיך דאָס מיידל — כ׳האָב עס אַליין אויך געפילט.
און ווידער מיט אַ שפּאָטישן שמייכל: — נאָר ווען כ׳וואָלט געוווּסט, אַז איך שפּיל פאַר אַזאַ מבין, וואָלט איך — — —

און עס גייט אַוועק אַ שמועס וועגן מוזיק, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ לעבעדיקער דיסקוסיע. זי איז שטאָל און אייזן פאַר באַכן, ער — פאַר מאָצאַרטן. דער שמועס ווערט אַלץ לעבעדיקער, פאַרכאַפּנדיקער. נאָר פּלוצעם דערהערט זיך דאָס קול פון קבלן, און דער שמועס ווערט איבערגעריסן. דער בחור האָט נאָך צייט איר צוצוּוואַרפן:

— המשך: היינט אין אָוונט פאַרן קול־נוע „אסתר", יאָ?

— ווי שפּעט? — פאַרקלינגט איר שטימע שוין פון שטוב אַרויס.

— האַלב ניין — שרייט דער בחור שוין אין פולן טעמפּאָ פון דער אַרבעט.

אַ גאַס אין צפון פון תל־אביב, וואָס דערמאָנט אַזוי שטאַרק אין די פאָרנעמע אַריסטאָקראַטישע ווילע־קוואַרטאַלן פון גרויסע שטעט, ווו דער „העכערער" קלאַס האָט זיך אָפּגעזונדערט פונעם „נידריקן" המון, פון אַרבעטער־קלאַס. אַזוי ענלעך איז זי צו יענע גאַסן און אַזוי אַנדערש, אַזוי גאַנץ אַנדערש...

## אַ שאָד

דער אויטאָבוס איז איבערפולט מיט פּאַסאַזשירן. נישט נאָר צו זיצן, נאָר אַפילו צו שטיין איז פאַר די ניי־איינשטייגנדיקע מענטשן נישטאָ קיין פּלאַץ. מ׳שטייט צונויפגעפּרעסטע ווי די הערינג. די לעדער־הענטלעך זענען אַלע באַזעצט מיט הענט. האַלט מען זיך אָן אין די אייזן־שטאַנגען, אין די קאַנטן פון די בענק און ווו נאָר ס׳לאָזט זיך. ביי יעדער סטאַציע שטייגט מען מער איין ווי מ׳שטייגט אויס. די ענגשאַפט ווערט אַלץ געדיכטער.

פּלוצעם גיט זיך דער אויטאָ אַן אומגעריכטן פאַרקירעווע אין אַ זייט, אַפּנים כדי אויסצומיידן אַ סכנה פון אַ צוזאַמענשטויס. דאָס פּלוצעם־

דיקע ברעמזן איז גורם אַ צוזאַמענשטויס פון אויטאָ, אַלע שטייענדיקע פּאַ־סאַזשירן גיבן זיך אַ וואַקל. אַ סך פאַלן.

אַ מיידל ווערט אין מיטן פאַלן פון עמעצן אויפגעכאַפּט. זי דערפילט זיך אַרומגענומען פון צוויי קרעפטיקע מענער־אָרעמס.

זי דרייט אויס דעם קאָפּ און זעט זיך — אין די אָרעמס פון אַ יונגן בחור. בלויז איין רגע. דאַן געווינט זי ווידער איר גלייכגעוויכט און מיט אַ פאַרלעגנהייט־שמייכל און פאַררויטלט פנים דאַנקט זי דעם בחור פאַר דער „רעטונג”.ביידע לאַכן.

באַלד בלייבט דער אויטאָ שטיין ביי אַ סטאַציע און דאָס מיידל מאַכט אַ באַוועגונג צו דער אויסגאַנגס־טיר.

— איר שטייגט שוין אויס? — פרעגט דער בחור.

— יאָ — ענטפערט דאָס מיידל.

— אַ שאָד.

זיי האָבן זיך מער נישט באַגעגנט. ס׳זענען אַוועק יאָרן. זי איז שוין אַ מאַמע פון קינדער. פאַרטאָן אין ווירטשאַפט, אין דערציען קינדער. האָט נחת, דאגות. נאָר יעדעס מאָל ווען זי פאָרט אין אַ פולגעפּאַקטן אויטאָ־בוס, דאַכט זיך איר, אַז זי הערט ווידער יענעם שטילן פאַרשיכורנדיקן קלאַנג: „אַ שאָד”. און אַ זיסער שווידער גייט אַדורך איר לייב.

## בבקשה...

זיצנדיק אין אויטאָבוס קאָן מען זען וואָס פאַר אַ גרויסן פאָרשריט מיר האָבן געמאַכט אין די לעצטע עטלעכע יאָרן אין הלכות באַנעמונג. ווי לאַנג איז עס, ווי מיר פלעגן זיין עדות פון ווילדע סצענעס ביים איינ־שטייגן, ווען געוויסע פּאַסאַזשירן פון געוויסע שבטים פלעגן בשום אופן נישט וועלן שטיין אין דער ריי, ווען זיי פלעגן ברוטאַל אַוועקשטופּן זקנים, קאַליקעס אָדער פרויען מיט קליינע קינדער, כדי זיך אַלס ערשטע אַריינ־צובאַקומען אין די אויטאָס.

היינט געהערט דאָס אַלץ שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. היינט הייבן זיך אַפילו אויף פרויען פאַר עלטערע מענער. יאָ, היינט קאָן אַפילו טרעפן אַז אַ דרייצן־פערצן יעריקער סאַברע זאָל אָפּטרעטן זיין פּלאַץ אַן אַלטן אָדער קראַנקן...

אין אַ געפּאַקטן אויטאָבוס שטייט אַ מאַן מיט אַ גרויען קאָפּ. בעת דער אויטאָ באַוועגט זיך, באַמערקט מען נישט, אַז זיינע הענט ציטערן און אַז ער שאָקלט כסדר מיטן קאָפּ, כסדר אויף „ניין"... נאָר אין זיך, אין זיינע בלוטן, פילט זיך דער מאַן נישט אַלט, פילט, אַז ס׳איז ביי אים נאָך נישט אין גאַנצן „ניין"... אַז דאָס ציטערן זיינס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די יאָרן. דער ווייסער קאָפּ זיינער, פילט ער, איז אַ פּריציייִטיק אויסגעפּאַלענער שניי, און אַז אונטער דער ווייסער דעק זענען נאָך פאַראַן געוווּג גרינע שפּראָצונגען...

אַקעגן אים זיצט אַ יונגע פרוי, אין די דרייסיקער. אַ מאַרקאַנט פּנים מיט וואַרעמע אויגן.

דער מאַן פאַרגעסט זיין אויסערלעכע מאַסקע און נעמט „שלינגען" די יונגע, שיינע פרוי, זוכט זיך צו באַגעגענען מיט אירע אויגן.

אַז דאָס געלינגט אים, דרייט די פרוי אַוועק דעם קאָפּ. דער מאַן נעמט אָבער פון איר נישט אַראָפּ זיינע בליקן.

די פרוי דרייט זיך ווידער אויס מיטן פּנים צום מאַן. זייערע בליקן באַגעגענען זיך צום צווייטן מאָל. די פרוי הייבט אָן ווערן אומרויִק. פּלוצעם הייבט זי זיך ספּאָנטאַן אויף און אָנווייזנדיק דעם מאַן אויף איר פּלאַץ זאָגט זי:

— בבקשה...

## דער אומבאַזיגבאַרער

אַ גאַס אין צענטער פון אַ וועלט־שטאָט. די ערד אויף וועלכער מיליאָנען פיס טרעטן טעגלעך און מיליאָנען גומי־רעדער שוועבן, איז שוין לאַנג נישט קיין ערד. נאָר: בעטאָן, אַספאַלט, שטיין־ברוק. און אויך קיין אין־דער־ערד איז דאָ זעלטן פאַראַן, נאָר אַן אונטערערדישע וועלט: אונטערערדישע באַנען, פאַבריקן, נאַכט־לאָקאַלן, סקלאַדעס און — רערן, אַ נעץ פון רערן. און איבער דער דאָזיקער ערד דערהייבן זיך וואָלקנ־קראַצערס, און העכער פון זיי רוישן מיט מעכטיק־צעשפּרייטע פליגלען כל־מינים שטאָלערנע אָדלערס, ראַקעטן אין אויסער־ערדישע רוימען, דער־גרייכנדיק ביז צו די פּלאַנעטן. אָפּגעמעקט זענען געוואָרן די אַמאָליקע באַגריפן פון: וויִיט, שנעל, הויך, טיף.

וועלט־שטאָט. הערשערין און וועלט־באַהערשערין. זיגערין אויף אַלע פראָנטן. באַזיגערין פון רוים, פון צייט, פון נאַטור, פון גאָט...

אין איינער פון אַזאַ רוישנדיקער וועלט־שטאָט־גאַס, האָט אַן אַר־בעטער זיך אַריינגעלאָזט אין טיפקייט פון אַ געעפנטן קאַנאַלעכל־גרוב. עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין אונטערערדישן איינגעווייד. איינער פון אירע טויזנטער רערן־געדערים האָט אויפגעהערט דערפולן איר פונקציע. מוז מען דורכפירן אַן אָפּעראַציע. אויפרייסנדיק די אייזערנע און בעטאָנענע ווענט פון קאַנאַלעכל, האָט זיך פאַרן אויג אַנטפּלעקט — ערד, עכטע, נאַקעטע, בראשיתדיקע ערד. און פּלוצעם — איז פון דער ליימענער ערד אַרויס אַ וואָרעם און גענומען אַרומקריכן איבערן אַנטבלויזטן גרוב, וואָס האָט איצט באַקומען דעם אויסזען פון אַ קבר. און עס האָט אויסגעזען ווי דער וואָרעם איז בלויז דערפאַר אַרויס פון זיין פאַרבאָרגעניש, כדי זיך צו רייצן מיט די פאַרביילויפנדיקע וועלט־שטאָט מענטשן:

— מיך וועט איר נישט באַזיגן. פון מיר וועט איר נישט אַנטלויפן...

יצחק פאַנער

# דער נייער קאָנקורענט

אין דער תל־אביבער בעטלער־וועלט איז ער אַן „עולה חדש“, אַ גרינער. פרעמד זענען אים שפּראַכן און מנהגים פון דער „אויטאָכטאָנער“ בעטלער־באַפעלקערונג — זיינע נייע קאָלעגן. ער באַנוצט זיך נישט מיט קיין איינער פון די קונצן, וואָס דאָס „פאַך“ פאָדערט: ער שפּילט נישט אויף קיין פידל, זינגט נישט קיין האַרצרייסנדיקע לידער, מאַכט נישט קיין רחמנות־פּנים, שטרעקט נישט אויס קיין האַנט. ער זוכט אַפילו נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבייגייער אויף זיין אומגליק — זיינע בלינדע אויגן.

אַלט דאַרף ער זיין אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק, נאָר זעען זעט ער אויס אַ סך יונגער. אַ ייִנגליש פּנים, אויף וועלכן עס איז נאָך נישט פאַר־ווישט געוואָרן דער הויך פון קינדערישער אומשולד. די איידעלע שטריכן אויף זיין בלייכן פּנים זאָגן עדות אויף אַ באַלעבאַטיש־פאַרנעמער דער־ציונג און די פּעדאַנט־ציכטיקע קליידונג — אויף צערטלעכע הענט פון אַ מאַמען.

מען טרעפט אים שטיין אַ מאָל ביי דער הויפּט־פּאָסט, אַ מאָל ביי דער באַרקלייס־באַנק אויף דער אַלענבי־גאַס. אַ מאָדנער שמייכל שוועבט אויף זיינע ליפּן — אַ געמיש פון אומבאַהאָלפנקייט, פאַרלעגנהייט און — שולד־באַוווּסטזיין. ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק: קעגן די „קונים“, וואָס ער באַלעסטיקט מיט זיין סחורה און קעגן זיינע נייע „פאַך־קאָלעגן“ וואָס ער קאָנקורירט זיי...

איבערן אַקסל הענגט ביי אים אַ לעדערן טעשל מיט דער סחורה: עטלעכע שטיקלעך שמעקעדיקע זייף, און טובעס ציין־פּאַסטע. אין האַנט האַלט ער אַ בלעכן פּושקעלע פאַרן געלט. אַ גאַנצן טאָג שטראָמען מענטשן פאַרביי די גאַס. פון צייט צו צייט שטעלט זיך דאָ און דאָרט אָפּ אַ פאַר־בייגייער און וואַרפט־צו עמעצן אַ נדבה. נאָר ווי באַלד מען קומט־צו צו דער שטעל וווּ ער שטייט, שטעלט מען זיך ספּאָנטאַן אָפּ, ווי אַן אויטאָ,

וואָס ווערט געבערעמזט אין מיטן לויפֿן. זיין פּנים ציט־צו ווי מאַגנעט דאָס אייזן. דערזעט אים עמעץ בשעתן פֿאַרביילויפֿן, גייט ער אָפּ עטלעכע טריט און קערט זיך באַלד אום... די שילינגען און צענער־פּיאַסטערס אין זיין פּושקע מערן זיך, צי מען נעמט, צי מען נעמט נישט זיין סחורה...

שטייען רעכטס און לינקס די „קאַלעגן", קוקן מיט שטוינונג און קנאה אויף דעם „גרינעם" און קאָנען נישט פֿאַרשטיין אין וואָס עס באַשטייט דער כוח פֿון זייער נייעם נישט קוואַליפֿיצירטן קאָנקורענט...

# זעלבסטמאָרד

יעדן טאָג, ווען איך מאַך מיין מאָרגן־שפּאַציר אין דער שדרה, זע איך אים אָנקומען זיצנדיק אין זיין פֿאָר־שטול, געפֿירט פֿון אַ מיידל פֿון אַ יאָר 16—17.

דאָס וועגעלע איז אַ ביסל ענלעך צו אַ קינדער־שטול, מיטן אונטערשיד, וואָס עס האָט צוויי גרויסע רעדער, וועלכע דער זיצנדיקער קאָן באַוועגן, קירעווען.

ער איז אַ זקן אין די טיפֿע זעכציקער. די עטלעכע שיטערע האָר אַרום זיין ליסע־קאָפּ זענען שניי־ווייס, אַזוי אויך זיינע קורץ געשוירענע וואָנסעס.

דאָס וועגעלע איז קליין, אָבער גרויס גענוג פֿאַר אַ מענטש, וואָס באַשטייט בלויז פֿון אויבער־קערפּער, וואָס איז אין גאַנצן אָן פֿיס.

דאָס מיידל פֿירט אים צו ביז צום שאָטן פֿון אַ בוים אין דער נאָענט פֿון קיאָסק, וואָס אין דער שדרה — און פֿאַרשווינדט. מיטאָגצייט קומט זי אים אַהיים פֿירן.

איז זי זיינע אַ טאָכטער? אַן אייניקל? צי בלויז אַ באַצאָלטע באַדינטע? דאָס צו וויסן האָט מיך ווייניקער אינטערעסירט ווי ער, דער מענטש אָן פֿיס. איך פֿלעג נישט איין מאָל מיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק נישט ווייט פֿון אים און אים פֿאַרגנבעטערהייט אָבסערווירן, געוואָלט אַרויסלייענען פֿון זיינע אויגן דעם צער, הערן די שטומע קללה, וואָס דאַרף שוועבן אויף

זיינע ליפּן — אויף זיין גורל, וואָס האָט אים אַזוי מיאוס באַליידיקט, אַזוי חוזק געמאַכט פון אים. אָבער גאָרנישט פון דעם אַלעם איז געווען צו מערקן. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַ פאַרגליווערטע רו, רעזיגנאַציע.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך מיך געכאַפּט, אַז שוין עטלעכע טעג, ווי מען זעט נישט דעם אַלטן מיטן וועגעלע. בין איך צוגעגאַנגען צום קיאָסק און געפרעגט דעם באַזיצער צי ער ווייסט נישט די סיבה. ער האָט מיך פאַרחידושט אָנגעקוקט.

— וואָס, נישט געהערט? נישט געלייענט אין די צייטונגען וועגן דעם זעלבסטמאָרד?

אַ ווײַלע בין איך שטיין געבליבן ווי געפּלעפּט. דאַן האָב איך מיך אָנגערופן:

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, ער האָט גלייך געטאָן...

— ווער?

— נו, דער אַלטער. וואָרעם איידער אַזאַ לעבן...

— איר האָט אַ גרויסן טעות, אַדון, — האָט דער בעל־הקיאָסק געזאָגט — נישט דער אַלטער, נאָר דאָס מיידל, זיין באַדינטע, האָט זיך דאָס לעבן גענומען...

# אַ ל ט ע

ער איז אַכט־און־אַכציק, זי — מיט צוויי יאָר יונגער. זיי זענען זאַלבע צוויי. קינדערלאָז. שוין עטלעכע יאָר ווי זי איז האַלב געלעמט. זיין ראיה ווערט מיט יעדן טאָג שוואַכער. ער זעט ווי דורך אַ שלייער, און דער שלייער ווערט אַלץ געדיכטער און געדיכטער.

ביי דער תחנה מרכזית שטייט ער תמיד אויפן זעלבן פּלאַץ, שטום, אומבאַוועגלעך — מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט.

אויף דער נאַכט קערט ער זיך אום אַהיים מיטן טאָג „לייזונג״. לאַנג געדויערט דער וועג אַהיים, נישט נאָר צוליבן שוואַכן אויגן־ליכט, נאָר

אויך צוליבן האַרץ, וואָס איז לעצטנס געוואָרן ווי אַן אַלטער קאַליע־געוואָרענער זייגער, וואָס האָט אָנגעוווירן זיין נאָרמאַלן און רעגלמעסיקן גאַנג. און אויך די פיס ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ שווערער און שווערער.

יעדן פאַרנאַכט הייבט זיך די אַלטע אויף מיט דער הילף פון אירע קוליעס פון איר געוווינטן פלאַץ, הינקט־צו צום קיך־ווינקל און מיט גרויס אָנשטרענג נעמט זי מיט דער געזונטער האַנט צוגרייטן עפּעס וואַרעמס פאַרן מאַן נאָך אַ טאָג אַפּטריקענען אין דרויסן.

אַז זיי דערזעען זיך אויף דער נאַכט, דערפרייען זיי זיך איינס מיטן אַנדערן ווי זיי וואָלטן זיך יאָרן נישט געזען. יעדער פון זיי באַטראַכט עס ווי אַ מתנה, ווי אַ חסד פון גאָט, וואָס זיי זעען זיך ווידער, זענען ווידער צוזאַמען.

נישט איין מאָל טראַכט דער אַלטער, אַז ס׳וואָלט געווען אַ גליק, ווען ער וואָלט באַפרייט געוואָרן פון אַלעליידן, פון די אַלע מיחושן, וואָס די עלטער האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, און ער זאָל ענדלעך קאָנען שלאָפן זיין אייביקן רויִקן שלאָף. נאָר אַז ער דערמאָנט זיך אָן דער אַלטער, אַז זי וועט דאַרפן בלייבן אַליין, אָן אים, באַפאַלט אים אַ שרעק, און ער פאַר־וואַרפט באַלד אַזוינע עגאָיִסטישע מחשבות...

— ניין, ניין! נישט מיך! — בעט ער זיך ביי גאָט, גיכער לייז אויס זי פון איר געקוויילטן לעבן! איך וועל זיך שוין ווי ס׳איז מוטשען אַליין...

און אויך זי, די אַלטע, טראַכט אָפט די זעלבע מחשבות: אַז ס׳וואָלט פאַר איר געווען אַ ישועה ווען זי ווערט אויסגעלייזט פון איר שווערן לעבן. און אויך זי כאַפּט זיך באַלד אויף פון אַזוינע שיינע חלומות, דער־מאָנענדיק זיך אָנעם אַלטן.

— רבונו של עולם! — בעט זי זיך — אויב ס׳איז אונדז נישט באַשערט דאָס גליק צוזאַמען צו שטאַרבן, טאָ לייז קודם אויס אים, לאָז אים נישט בלייבן אַליין...

# טויב־שטומע

דער „קלוב" געפינט זיך אויפן עק פון רחוב עליה און אַלענבי, אָדער ריכטיקער — אויפן כיכר המושבות. „אָפן" איז ער כמעט יעדן טאָג אין די פאַרמיטאָג שעהען און אין די פריע אָוונט שעהען. די „מיטגלידער" זענען מענער און פרויען פון פאַרשידענעם עלטער. יידן פון פאַרשידענע גלותן און עדות. דאָ, אין „קלוב" פון די טויב־שטומע, איז דער „מיזוג־גלויות" קיין פּראָבלעם נישט. די „אָפיציעלע" שפּראַך איז די שטום־לשון־שפּראַך. אויף אָט דער שפּראַך „רעדן" אַלע. איר קענט דאָ זען פאַרטיפט אין אַ שמועס אַ ייד פון תימן מיט אַ פרוי פון פוילן, אַ ייד פון קאָטשין מיט אַ ייד פון רומעניע. אויף אָט די מענטשן איז ווי צוגעשניטן דער פסוק „כל עצמותיו תאמרנה". זיי רעדן נישט בלויז מיט די הענט, נאָר מיט אַלע אברים. אַלע מוסקולן זענען אין באַוועגונג. יעדע באַוועגונג מיט דער האַנט, מיט אַ פינגער, יעדעס פינטל מיטן אויג, יעדער קנייטש פון שטערן און צוקן פון די ליפּן — דריקט אויס אַ געפיל, אַ געדאַנק.

איר קענט נישט פאַרבייגיין — און נישט בלייבן שטיין, כדי זיך צוצוקוקן צו דעם שטום־לשון־שמועס פון אָט די מענטשן, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע יידישקייטן, קולטורן, שפּראַכן און לעבנס־שטייגערס. אָבער די אַלע אַנדערשקייטן זענען נאָר חל אויף די רעדנדיקע. די וועלט פון אָט די שטומע איז אַן איינהייטלעכע, אַן אייגענע, דער געמיינזאַמער גורל האָט זיי פאַראייניקט צו איין קולטור, איין שפּראַך.

און אפשר זענען אָט די מענטשן גאָרנישט אַזוי אומגליקלעך ווי מיר רעדנדיקע באַטראַכטן זיי. אמת, זיי זענען באַרויבט געוואָרן פון צו קענען הערן דאָס געזאַנג פון פייגל, די מעלאָדיע פון אַ ריזלענדיק טייכל; דאָס גערויש פון אַ שטיל ווינטל; דאָס זיסע פּלאַפּלען פון אַ קינד. פאַר זיי זענען פאַרשלאָסן די קלאַנגען פון מוזיק. בעטהאָווען און באַך, גריג און טשייקאָווסקי זענען פאַר זיי טויטע באַגריפן. דערפאַר אָבער זענען אָט

די מענטשן אויך אָפּגעהיט געוואָרן פון הערן די „מוזיק״ פון אונדזער געבענטשטער צייט...

היינט דאָס וואָרט, דאָס גערעדטע וואָרט פון אונדזער צייט! דער פּראַנצויזישער מלוכה־מאַן טאַלעיראַנד האָט אַ מאָל געזאָגט אַז „דאָס וואָרט פאַרהילט נאָר דעם געדאַנק״. דאָס האָט אַ מלוכה־מאַן געזאָגט נאָך מיט הונדערט און פופציק יאָר צוריק. וואָס וואָלט ער היינט געזאָגט, ווען דאָס וואָרט „שלום״ איז געוואָרן אַ סינאָנים פאַר מלחמה, דאָס וואָרט „פרייהייט״ — פאַר טיראַניי, ווען „פעלקער־פאַרברידערונג״ מיינט פעלקער־פאַרניכטונג, פעלקער־שנאה? אַזוי אַרום געהערן די טויב־שטומע צו די גליקלעכסטע וואָס זענען פון אָט דער „געדאַנקען־פאַרהילונג״ אָפּגעהיט. זייער וואָרט איז קלאָר און דורכזיכטיק, עכט און אמתדיק. אין זייער שפּראַך־אוצר זענען נישט פאַראַן קיין צווייטייטלעכע ווערטער, קיין דאָס־זאָג־איך און עפּעס־אַנדערש־מיין־איך. פרייד און טרויער, בענקשאַפט און יאוש שפּיגלען זיך קלאָר אָפּ אויף זייערע פּנימער, אין זייערע אויגן, אַז אויך אַ בלינדער וואָלט עס געקענט זען און ווען זיי דריקן אויס שרעק און אויפרעגונג, דאַן ברויזן אַלע זייערע גלידער ווי כוואַליעס אויף אַ צעשטורעמטן ים. ס'איז די איבערצייגנדיקסטע שפּראַך, וואָס איז אונדז נאָך צוריקגעבליבן פון יענער אַלטער צייט ווען דאָס וואָרט איז נאָך געווען יונג און פריש און אמתדיק.

נישט אומזיסט האָט טשאַרלי טשאַפּלין זיך יאָרנלאַנג עקשנותדיק אָפּגעזאָגט אויפצוטרעטן אין רעדנדיקן פילם. ער האָט נישט געוואָלט פאַרבייטן זיין רייכן שטום־לשון מיט דער אָרעמער רעדנדיקער שפּראַך.

די טויב־שטומע פון כיכר־המושבות ווייסן נישט, אַז זיי רעדן אויף אַ שפּראַך, וואָס קען קיין מאָל אַזוי נישט ווערן געשענדט, אַזוי באַנקראָטירן ווי ס'האָט באַנקראָטירט אונדזער גערעדט וואָרט!

יצחק פאַנער

# עצור!

יעדן אין דער פרי, פאַרנדיק צו דער אַרבעט, ווער איך פאַרכאַפּט פון אַ זעלטן בילד. אַ שאַד, וואָס מיין אויטאָ שטעלט זיך נישט אָפּ אויף דעם אָרט אויף אַ ווײַלע, נאָר פליט גיך פאַרביי און איך קאָן נישט לאַנג אָבסערווירן און געניסן פון אָט דער דערשיינונג, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר יעדן טאָג אויף דעם זעלבן פּלאַץ און אין דער זעלבער צייט — צען־פופצן מינוט פאַר אַכט אַ זייגער אין דער פרי.

צוויי קינדער פון אַ יאָר 8—9, אָנגעטאָן אין געפּאַסטע גרויע אוני־פאָרמעלעך, מיט קליינע קאַפּעלעך מיט דאַשעקלעך אויף די קעפּלעך און מיט ווייסע אַרויפגעצויגענע אַרבעלעך אויף די הענטלעך.

זיי שטייען, די צוויי קינדער, איינס פון דער זייט, און איינס פון דער צווייטער זייט גאַס, מיט פּאַפּירענע פענדלעך אין די הענטלעך, ענלעך צו שמחת־תורהדיקע קינדער־פענדלעך. נאָר אַנשטאָט דעם מגן־דוד איז אויף דעם דאָזיקן „פענדל" אויסגעמאָלן אַן אויפגעהויבענע האַנט־פלאַך מיט אַן אויפשריפט: עצור! סטאָפּ!

אין אָט דער שעה, פאַר אַכט אַ זייגער אין דער פרי, קאָן מען אויך אַזעלכע קינדער מיט פּאַפּירענע פענדלעך (וואָס דערמאָנען אויך די סיגנאַל־צייכנס פון אייזנבאַן־וועכטער ביים אָנקומען פון אַ צוג) זען שטיין ביי יענע גאַסן, וווּ אין דער נאָענט פון זיי געפינט זיך אַ פאָלקס־שול, און די שול־קינדער מוזן אַריבערגיין די דאָזיקע טומלענדיקע גאַסן, וואָס האָבן נישט קיין ליכט־סיגנאַלן.

די צוויי קינדער פוןביידע זייטן גאַס שטייען אויף דער וואַך. קוים זעען זיי אָנקומען אַ גרופּע שול־קינדער, אָדער אַפילו נאָר איין קינד, בייגן זיי בליץ שנעל אַראָפּ צו דער ערד זייערע „פענדלעך" און דאָן, — דאָן געשעט דאָס ווונדער: שווערע ריזן־לאַסט־אויטאָס, גרויסע אויטאָבוסן, כל מיני אויטאָס, מאָטאָציקלען, ראָווערן, סאַפּענדיקע, פרייכנדיקע, זידנדיקע אין ווילדער רציחה, אין זייער דורשט נאָך בלוט, נאָך „תאוות־דרכים" —

ווערן מיט אַ מאָל אָפּגעשטעלט מיטן כוח פון אָט די צוויי אַראָפּגעבויגענע פּענדלעך פון די צוויי קינדער. זיי ווערן אַלע איינגעשטילט, געצאַמט, ווי ווילדע, בלוט־דורשטיקע חיות פון דער קליינער דינער רוט פון זייער דרעסירער, — און די שול־קינדער מיט די שול־טעשלעך אויף די פּלייצעס גייען רויִקע און זיכערע אַדורך די גאַס, ווי אַ מאָל די בני־ישראל דעם רויטן ים, ווען זיינע ווילדע כוואַליעס האָבן זיך דורך משהס כישוף־שטעקן געשפּאָלטן...

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר ווען איך זע דאָס דאָזיקע בילד — די צוויי קינדער, וואָס שטעלן אָפּ מיט זייערע פּאַפּירענע פּענדלעך דעם טויט, וואָס לויערט אויף זייער קינדערישן מין, ווערט מיר עפּעס גרינגער אויף דער נשמה. איך האָב דאַן דאָס געפיל, אַז נאָך איז אַלץ נישט פאַרלוירן. אַז אויך די גרויסע וועט נאָך דאָס זעלבע געלינגען...